אלעקסאנדער סאלזשעניצין

# איין טאג אין לעבן
## פון
# איוואן דעניסאוויטש





תשל"א — 1970

ALEXANDER SOLZSCHENITZIN

# AYN TOG IN LEBN FUN IVAN DENISOVITSCH

I. L. PERETZ PUBLISHING HOUSE,
31, Allenby St. Tel-Aviv

אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין

# אײן טאָג אין לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש

יידיש: זלמן גאָסטינסקי



נדפס בישראל תשל"א
Printed in Israel 1970

דפוס „אור" בע"מ, תל־אביב

אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין איז געבוירן געוואָרן דעם 11טן דעצעמבער 1918 אין ראָסטאָוו אויפן דאָן. ער האָט שטודירט מאַטעמאַטיק און פיזיק אויפן מאָסקווער אוניווערסיטעט און האָט אויך געלערנט פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און פילאָלאָגיע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך פרייוויליק מאָביליזירט אין דער אַרמיי און באַקומען צוויי מאָל אויסצייכענונגען. ביים סוף פון דער מלחמה ווערט ער אַרעסטירט פאַר „אַנטיסאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע צווישן באַקאַנטע". די צענזור האָט איבערגעכאַפּט אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיינעם אַ ידיד און וועלכן ער האָט געהאַט די העזה צו צווייפלען אין „די סטראַטעגישע קוואַליפיקאַציעס פון סטאַלינען". פאַר דעם חטא האָט ער אָפּגעשמאַכט אַכט יאָר אין די לאַגערן אין וייטן צפון. שפּעטער איז ער פאַרשיקט געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן, וו ער פאַרבלייבט דריי יאָר. דאָ ווערט ער קראַנק אויף אַ ראַק. ער ווערט געבראַכט אין אַ גוססדיקן צושטאַנד אין שפּיטאָל אין טאַשקענט און דאָרט ווערט ער אָפּערירט.

אין יאָר 1956 ווערט ער רעהאַביליטירט. דאָס איז געווען באַלד נאָכן 20טן קאָנגרעס. ער באַזעצט זיך אין ריאַזאַן, ווערט דאָרט לערער פון פיזיק. גלייך נאָך זיין רעהאַביליטאַציע האָט ער אָנגעשריבן זיין „איין טאָג אינעם לעבן פון איוואַן דעניסאָוויטש". די דאָזיקע שאַפונג איז אָבער ערשט דערשינען אין יאָר 1962 אין דער צייטשריפט „נאָווי מיר" אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון כרושטשאָוון. שפּעטער איז זי אַרויס אין אַ באַזונדערער בוך־פאָרם אין 100.000 עקזעמפּלאַרן.

סאָלזשעניצין פאַרעפנטלעכט דאַן עטלעכע קלענערע דערציילונגען („דאָס הויז פון מאַטריאָנאַ", „דאָס איז געשען אויפן וואָקזאַל פון קרעטשעטאָווקא", „פאַרן וויל פון דער זאַך").

אָבער שוין אין 1964, נאָך אונטער כרושטשאָווס הערשאַפט, הויבט ער אָן באַטראַכט צו ווערן פאַר געפערלעך. די מאַכטהאָבער זעען ווייזט אויס איין, אַז זיין שרייבן האָט צופיל אויפגערודערט די געמיטער. „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" גרייפן אים אָן. זיינע ביכער ווערן צוריקגעצויגן פון אומגאַנג, זיינע שאַפונגען טאָרן מער נישט פאַרעפנטלעכט ווערן.

סאָלזשעניצין הערט אָבער נישט אויף צו שרייבן. זיינע שאַפונגען: „די ראַק־אָפּטיילונג" און „דער ערשטער קרייז" מוזן שוין דערזען די ליכטיקע שיין דורך דעם אַזוי גערופענעם „סאַמאיזדאַט" („אַליין—אויסגאַבע"), געדרוקט אויף אַ שרייבמאַשין און פאַרשפּרייט געהיים. אין אויסלאַנד דערשיינען זיי אָן דער דערלויבעניש פונעם מחבר.

דער סאָוויעטישער שרייבער־פאַראיין גרייפט שאַרף אָן סאָלזשעניצינען.
דערויף קומט אין מאַי 1967 אַ שאַרפער בריוו פון סאָלזשעניצינען צום פערטן קאָנגרעס פון די סאָוויעטישע שרייבערס, אין וועלכן ער פאַראורטיילט זייער שטעלונג און טרעט שאַרף אַרויס קעגן דער צענזור. אין חודש סעפטעמבער דעם זעלבן יאָר פאַרלאַנגט סאָלזשעניצין אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרייבער־פאַראיין מ׳זאָל אים דערלויבן אַרויסגעבן זיין בוך „די ראַק־אָפּטיילונג”. ער וואַרפט דערביי מיט גרויס מוט זיינע קאָלעגעס אין פנים זיינע באַשולדיקונגען קעגן זייער צענזור־סיסטעם. אָבער דער באַשלוס פונעם סאָוויעטישן שרייבער־פאַראיין איז געווען אַ פון פאָרויס באַשטימטער — סאָלזשעניצינס ביכער טאָרן מער נישט דערשיינען.

צום סוף ווערט סאָלזשעניצין אויסגעשלאָסן פונעם שרייבער־פאַראיין.

ער ווערט אַזוי אַרום דערפירט צו אַ מצב פון מאַטעריעלער נויט.

ס׳איז אים פאַרווערט צו אַרבעטן ווי אַ פּראָפעסאָר פון פיזיק און מאַטעמאַטיק. ער קען אַפילו אויף קיין חיונה נישט פאַרדינען, שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס פון ליטעראַטור קען ער אַוודאי נישט לעבן, — ווייל זיינע שאַפונגען זענען שטרענג פאַרווערט אין ראַטנפאַרבאַנד. זיין פרוי האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון איר אַרבעט אין אַ כעמישן אינסטיטוט.

איין גליק פאַרן שרייבער, וואָס ער פאַרמאָגט עטלעכע ביז גאָר איבער־געגעבענע פריינד וואָס זאָרגן פאר זיין מאַטעריעלן אויסהאַלט און האָבן נישט קיין מורא זיך פערזענלעך דערמיט איינצושטעלן.

די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין צוגעטיילט די נאָבל־פּרעמיע פאַרן יאָר 1970.

דאָס קלאַפּן פון האַמער אינעם רעלס נעבן שטאַב־באַראַק האָט זוי שטענדיק אָנגעזאָגט די שעה פון אויפשטיין — פינף אַזייגער פאַרטאָג. דער איבערגעריסענער קלאַנג איז קוים דורכגעדרונגען דורך די, אויף צוויי פינגער דיק אָנגעפרוירענע, שויבן און גלייך פאַרפאַלן געוואָרן — דעם אויפּזעער איז געווען קאַלט און ער האָט זיך געפּוילט לענגער קלינגען.

ס׳איז צוריק שטיל געוואָרן. פּונקט ווי אין מיטן נאַכט, ווען שוכאָוו איז אויפגעשטאַנען צו דער פּאַראַשע, איז אין דרויסן ווייטער געווען שטאָק־פינצטער. געלער שיין פון דריי לאַמטערנעס — צוויי פון דער זאָנע און איינע פון לאַגער־אינערן — האָט זיך פאַרהאַלטן אויף די שויבן.

עס איז נישט געווען צו זען אַז ס׳זאָל ווער עפּענען די באַראַקן און מ׳האָט נישט געהערט אַז די דניעוואַלנע זאָלן נעמען אויף דרענגער דאָס פּאַראַשע־פּעסל און עס אַרויסטראָגן.

שוכאָוו איז נאָך קיינמאָל נישט פאַרשלאָפן די שעה פון אויפשטיין, שטענדיק געריכטעט זיך לויט איר און דעריבער ביזן אַרויסגיין אויף אַרבעט געהאַט זיינע אייגענע, פּריוואַטע, צוויי שעה צייט. ווער עס קאָן דאָס לאַגער־לעבן ווייסט וואָס צו טאָן מיט אַזעלכע צוויי שעה: מ׳קאָן פון אַ שטיקל אַלטן אונטערשלאַק אויפנייען פאַר אימיצן אַן איבערצוג אויף הענטשקעס; אונטערטראָגן צום געלעגער דעם בריגאַדיר אַ פּאָר טרוקענע וואָליקעס — ער זאָל נישט מוזן דריפּען אַ באָרוועסער און זוכן צווישן אָנגעוואָרפענעם הויפן; מ׳קאָן גיין אַ גאַנג, באַדינען, צורוימען, אַוועק אין סטאָלאָווע אַראָפּנעמען די שיסלען פון די טישן און אַוועקטראָגן צום וואַשן: מ׳קאָן דערביי אַ מאָל כאַפּן אַ ביסן. אויף דעם זענען אָבער דאָ בעלנים איבערגענוג, און ס׳איז זיך שווער דערשלאָגן דערצו, ווער זאָגט נאָך אַז אויפן דנאָ פון שיסל איז עפּעס געבליבן. ווי האַלט

מען זיך איין און מען לעקט דאָס נישט אויס? שוכאָוו האָט אָבער גוט געדענקט די ווערטער פון זיין ערשטן בריגאַדיר קוזעמין — אַן אַלטן לאַגער־וואָלף. אין דריי און פערציקסטן, ווען ס׳זענען אָנגעקומען פראָנטאָוויקעס, איז ער שוין געווען מיט אַ סטאַזש פון 12 יאָר.

— ביי אונדז, חברה — האָט ער געזאָגט אין פעלד נעבן פייער — איז דאָס געזעץ די טייגע. דאָס הייסט נישט אַז מען קאָן דאָ נישט לעבן. אין לאַגער קומט אום הויפּטזעכלעך דער וואָס לעקט די שיסל, וואָס וואַרט אויף הילף מצד דער סאַנטשאַסט, אָדער אויף רחמנות.

שוכאָוו איז היינט צום ערשטן מאָל נישט אויפגעשטאַנען צו דער צייט. נאָך אין אָוונט איז ער געווען נישט מיט אַלעם: געפילט אַ קעלט, אַ ברעכן אין די ביינער; פאַר אַ גאַנצער נאַכט נישט באַוויזן אָנוואַרעמען זיך. ווי אין אַ חלום האָט ער זיך געזען אַ קראַנקן. עס האָט זיך אים זייער נישט געוואָלט ס׳זאָל אָנקומען דער פרימאָרגן.

דער פרימאָרגן איז אָבער ווי שטענדיק יאָ געקומען.

אדרבא, וואַרעם זיך אָן, ווען די פענצטער זענען אויסגעהאָפּטן מיט פראָסט און צווישן די ווענט און דעם באַראַק־באַלקן הענגט ווי שפּינוועבס אַ ווייס, דין, שניי־וואָלקנדל.

שוכאָוו איז נישט אויפגעשטאַנען. געבליבן אויפן געלעגער, דעם קאָפּ איינגעהילט אין באַשליק, אָנגעצויגן אויף זיך די קאָלדרע, ביידע פיס באַהאַלטן אין איין אַרבל פון דער פופייקע. ער האָט גאָרנישט געזען, אָבער געהערט און פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך אין באַראַק, אין ברייגאַדירך־ווינקל. מיט שווערע טריט האָבן די דניעוואַלנע געטראָגן איבערן קאָרידאָר איינע פון די אַכט־עמערדיקע פּאַראַשעס — דאָס איז... גרינגע אַרבעט פאַר אינוואַלידן, נאָר באַוויז אַ קונץ און פאַרגיס נישט! אין דער 75־טער האָט מען אַ וואָרף געטאָן אויפן דיל די געבראַכטע פון טרוקענען וואַליקעס. דאָסזעלבע אין אונדזער בריגאַדע (אויך אונדזערע האָט היינט די ריי אויף טרוקענען). דער בריגאַדיר און זיין געהילף טוען זיך שווייגנדיק אָן, בלויז עס סקריפּען זייערע נאַרעס. דער געהילף וועט באַלד אָוועק אין כלעבאָרעזקע, דער בריגאַדיר — אין שטאַב־באַראַק אַריין, אין פ.פ.טש! אמת, דאָס מאָל נישט דירעקט אין פּעפּעטשע.

שוכאָוו דערמאָנט זיך אַז היינט ווערט דעצידירט דער גורל פון זייער 104־טער: מ׳וויל זיי אַוועקנעמען פון וואַרשטאַטן־בוי און אַריבערפּעקלען אין „סאָצביטגאָראָדאָק״. דאָרט איז דערוויילֹ נאַקעט פעלד, שניי־זאַוואַלן. צוערשט גראָבן סלופּעס צו פאַרצוימונג, אָנציען שטעכל־דראָטן, כדי אַליין נישט קאָנען אַנטלויפן. ד׳ערנאָך ערשט בויען.

דאָס איז זיכער, אַז דאָרטן, וועסטו אַ גאַנצן חודש נישט האָבן ווו אָנצוואַרעמען זיך, נישט געפינען קיין שטיקל נאָרע, קיין פּיצל פייער נישט פאַנאַנדערלייגן, ווייל מיט וואָס?

די איינציקע רעטונג איז פאַרגעסן אַז ס׳איז דאָ אַזאַ זאַך ווי געוויסן!

דער בריגאַדיר איז באַזאָרגט: ווי מאַכט מען אַז אַהין זאָל געשיקט ווערן אַן אַנדערע בריגאַדע, אַ נאַיווערע? ער גייט צום סטאַרשי־נאַריאַדט־שיק. מיט ליידיקע הענט וועסטו אַהין נישט גיין, מוזט כאָטשבי האָבן אַ האַלבע קילאָ סאַלע אָדער גאָר אַ קילאָ.

פּרוּוון הייסט נישט פאַרלירן. עס לוינט זיך אפשר דאָך אַריינבאַקומען אין סאַנטשאַסט, אפשר וועט געלונגען קריגן אַ פרייען טאָג? ס׳איז פּשוט נישט אויסצוהאַלטן.

נאָך אַ זאַך: ווער פון די אויפזעער האָט היינט דעזשור?

ער דערמאָנט זיך: דאָס וועט זיכער זיין „אַנדערהאַלבן איוואַן״, דער דאַרער, לאַנגער, שוואַרצאויגיקער סערזשאַנט. קוקסט אויף אים צום ערשטן מאָל נעמט דיך אָן אַ שרעק, ווען דערקאָנסט אים נעענטער זעסטו אַז ער איז דער בעסטער: ער וועט דיך נישט וואַרפן אין קאַרצער, נישט שלעפּן צום נאַטשאַלניק. אויב אַזוי קאָן מען אפשר נאָך אַ ביסל ליגן? כאָטשבי ביז דער ניינטער וועט אַוועק אין סטאָלאָווע.

די פירגאָרנדיקע פּריטשעס, די אַזוי גערופענע וואַגאָנקעס, האָבן זיך צעוויגט; עס זענען אויפגעשטאַנען מיטאַמאָל: שוכאָווס שכן אין דער הויך — דער באַפּטיסט אַליאָשקאָ, אונטן — בוינאָווסקי, געוועזענער קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג.

די באַיאָרנטע דניעוואַלנעס האָבן נאָכן אַרויסטראָגן די פּאַראַשעס נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך ווער עס דאַרף גיין ברענגען קיפּ־

יאַטאָק, האָבן זיך געקריגט מיט עקשנות, ווי ווייבער. דער עלעקטראָ־שווייסער פון דער 20־טער בריגאַדע האָט נישט אויסגעהאַלטן:

— עי, דרייט אַראָפּ די קנויטן! — און נאָכגעלאָזט אַ וואָילעק — נישקשה, כ׳וועל מאַכן שלום!

דער וואָילעק האָט טויב אָפּגעשלאָגן אין וואַנט.

אין דער שכנותדיקער בריגאַדע האָט דער געהילף־בריגאַדיר שטיל געבורטשעט:

— וואַסילי פעדאָריטש! די שרצים האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין שפּייז־מאַגאַזין און דאָרט געמאַכט „אָרדענונג". ס׳וועט אויסקומען עמעצן נישט דערגעבן, אָבער וועמען?

ער האָט עס אַרויסגעזאָגט שטיל אָבער די גאַנצע בריגאַדע האָט געהערט און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געטראַכט: וועמען וועט מען היינט פאַרקלענערן די פּאָרציע?

שוכאָוו איז אַלץ געלעגן אויף זיין מאַטראַצל פון געפּרעסטע טראָט־שינעס. וואָלט כאָטש איין זייט גענומען דעם אויבן: זאָל דער פיבער אַ טרייסל טאָן אָדער זאָל אויפהערן ברעכן אין די ביינער. און דאָ נישט דאָס און נישט יענץ.

דער באַפּטיסט אַליאָשקע האָט דערווייל געשעפּטשעט זיין תפילה, בוינאָווסקי איז, נאָכן משתין זיין, צוריק אַריינגעקומען אין באַראַק, און אַזוי זיך, ווי צו קיינעם נישט, אויסגערופן:

— האַלט אייך, רויט־פּלאָטלער! דרייסיק גראַד, זיכערע!

שוכאָוו האָט ענדליך באַשלאָסן, ער גייט אין סאַנטשאַסט.

אין דעם דאָזיקן אויגנבליק האָט אַ האַנט גוואַלטזאַם אַראָפּגעצויגן פון אים די פופייקע, און די קאָלדרע. שוכאָוו האָט זיך באַפרייט פון באַשליק און אויפגעזעצט. נעבן אים, אויף דער הויך פון דער אויבערשטער נאַרע, איז געשטאַנען דער דאַרער טאָטער.

הייסט עס אַז דער טאָטער האָט דזשורסטווע נישט לויט דער ריי, און אַריינגעשלייכט זיך ווי אַ גנב אין באַראַק אַריין.

— שטש אַכטהונדערט פיר און פופציק! האָט ער איבערגעלייענט דעם

אויסגעשריבענעם נומער אויף דער פּלייצע פון שוואַרצן באַשליק — דריי מעת־לעת קאַנדעי מיט אַרויסגיין!

ווי נאָר ס׳האָט זיך דערהערט זיין ספּעציפיש, געדעמפּט קול האָט איבערן האַלב־פינצטערן באַראַק, וווּ נישט אַלע לעמפּלעך האָבן געלויכטן, ווו אויף פּופּציק פּאַרוואַנצטע וואַגאָנקעס זענען געשלאָפן 200 מענטשן, זיך אָנגעהויבן רירן. ווער עס איז נאָך ביז איצט געלעגן האָט אויף דער גיך זיך גענומען אָנטאָן.

— פאַר וואָס, בירגער נאַטשאַלניק — האָט שוכאָוו צוגעגעבן זיין שטים מער טרויער ווי ער האָט געפילט — אויב מיט אַרויסגיין אויף אַרבעט דאַרף דאָך זיין האַלבער קאַרצער. מען באַקומט אַ ביסל געקעכטס און אַ סוף, נישטאָ וואָס אַריינצוקלערן. פולער קאַרצער דאַרף זיין אָן אַרבעט.

— ביסט דען אויפגעשטאַנען צו דער צייט? קום, מירן גיין אין קאָמענדאַנטור — האָט דער טאַטער פויל אָפּגעענטפערט. ער, פונקט ווי שוכאָוו און אַלע אַנדערע, האָט גוט געוווּסט פאַרוואָס שווערער קאַרצער.

דאָס אָנהאַריקע, צעקנייטשטע פּנים פון טאָטער איז געווען אָן שום אויסדרוק. ער האָט זיך אויסגעדרייט, געזוכט נאָך אַ קרבן. דער גרעסטער טייל האָט שוין געהאַלטן ביים אַריינלייגן די פיס אין די שוואַרצע וואַטענע הויזן אַריין, זיך פאַרשפּיליעט, און געאײַלט צום אַרויסגאַנג. עס איז בעסער איבערוואַרטן אין דרויסן ביז דער טאָטער וועט אַוועקגיין.

וואָלט שוכאָוו באַקומען שווערן קאַרצער פאַר עפּעס אַנדערש, וואָלט ער עס פאַרדינט, וואָלט די עוולה נישט געווען אַזוי גרויס, אַזוי אָבער? איז ער דאָך שטענדיק איינער פון די ערשטע ביים אויפשטיין? ער האָט גוט געוווּסט אַז ביים טאָטער וועלן קיין רייד נישט העלפן. ער האָט געבעטן, פשוט צוליב פאָרמאַליטעט און גלייכצייטיק אָנגעצויגן די וואַטענע הויזן. אויף דער לינקער קני האָט זיך קוים געזען דער אָפּגעבליאַקעוועטער נומער „שטש-854״. דערזעלבער נומער האָט זיך צוויי מאָל איבערגעחזרט: איין מאָל אויף דער ברוסט און דאָס צווייטע מאָל אויף דער פּלייצע. ער האָט אויסגעזוכט זיינע וואַליקעס, אָנגעטאָן דעם הוט (אויך מיט אַן אָנגענייטן נומער) און אַרויס נאָכן טאָטער.

די גאַנצע 104־טן בריגאַדע האָט געזען ווי מ׳פירט אַוועק שוכאָװן. קיינער האָט אָבער נישט געעפנט ס׳מויל, קיין פּיפּס נישט געטאָן, ווייל צו וואָס? דער בריגאַדיר וואָלט זיך אפשר יאָ איינגעשטעלט, איז ער אָבער נישט געווען אויפן אָרט. אויך שוכאָוו האָט געשוויגן, נישט געוואָלט ערגערן דעם טאָטער. חברים וועלן זיך מסתמאָ דערטראַכטן און באַהאַלטן דעם פרישטיק.

זיי זענען אַרויס אין ציוויען.

אַ פראָסטיקער נעפּל האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. פון די ווייטע וואַכ־טורעמס האָבן צוויי גרויסע פּראָזשעקטאָרן, קרייצנדיק די ליכט־סנאָפּעס, באַלויכטן דעם לאַגער. אויך איינגעהאַלב זאָנע האָבן געברענט אָן אַ שיעור לאַמטערנעס און מיט זייער ליכט ווי פאַרשטעלט די שטערן.

סקריפּנדיק מיט די וואָיליקעס איבערן שניי זענען די זעקעס געלאָפן הין און צוריק. יעדער האָט זיך געהאַט זיין ענין: איינער האָט געאיילט אין קלאָזעט, אַן אַנדערער — אין מאַגאַזין אָפּנעמען אַן אָנגעקומען פּעקל, אַ דריטער — מיט אַ ביסל אייגענע גרויפּן אין דער אינדיווידועלער קיך. ביי יעדן איז דער קאָפּ געווען ווי איינגעצונקען צווישן די אַקסלען און דער באַשליק גוט פאַרבונדן. אַלעמען איז געווען קאַלט אָבער נישט אַזוי ווייט פון פראָסט ווי פון געדאַנק צו זיין אַ גאַנצן טאָג אין דרויסן.

דער טאָטער איז געגאַנגען מיט אַ גלייכן טריט, פּונקט ווי דער פראָסט וואָלט, דורך זיין אַלטן שינעל מיט די בלויע פּאָגאָנעס, צו אים זיך נישט דערקליבן.

זיי זענען דורכגעגאַנגען נעבן אַ הויכן הילצערנעם פּלויט וועלכער האָט אָפּגעטיילט די געמויערטע לאַגער־תפיסה, נעבן די שטעכל־דראָטן מיט וועלכע ס׳איז אָפּגעצוימט געווען די בעקעריי: פאַרביי דעם שטאַב־באַראַק ווו ס׳איז אויף אַ סלופּ, געהאַנגען דער שטיק רעלס און אויסגעמיטן אַ צווייטן סלופּ אויף וועלכן, עס איז אין אַ שטילן ווינקל געהאָנגען אַ טערמאָמעטער באַדעקט מיט פראָסט־טוי. שוכאָוו האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן מילכווייסן רעדל, געמיינט אפשר וועט עס ווייזן 41 גראַד. ביי אַזאַ טעמפּעראַטור טרייבט מען נישט אויף אַרבעט. דאָס גלעזערנע רעדל האָט אָבער אפילו קיין פערציק נישט געוויזן.

זיי זענען אַריין אין שטאַב־באַראַק און פון דאָרטן גלייך אין צימער פון די אויפזעער. שוכאָוון איז איצט קלאָר געוואָרן, ער האָט עס שוין אויפן וועג פאַרשטאַנען, אַז ס׳דראָט אים נישט קיין קאַרצער. פּשוט, די פּאָדלאָגע פון באַראַק איז אַ נישט געוואַשענע. דער טאָטער איז אים מוחל די זינד און באַפוילן זי אויסוואַשן.

וואַשן די פּאָדלאָגע ביי די אויפזעער געהערט צו די פליכטן פון אַ ספּעציעלן זעק, דעם דעזשורנעם אין שטאַב־באַראַק. אַזאַ אָבער, ווען ער ווערט אין שטאַב־באַראַק היימיש, — ער פלעגט דאָך אַריינקומען אין קאַבינעט פון מאַיאָר, צום רעזשים־נאַטשאַלניק, זיי באַדינט, אָפּט געהערט זאַכן וועגן וועלכע די אויפזעער האָבן נישט געוווּסט — פאַרלירט ער דעם חשק צו דעם מין אַרבעט, האַלט אַז עס איז נידעריקער פון זיין כבוד וואַשן די פּאָדלאָגע ביי אויפזעער. יענע מוזן דעריבער ברענגען דערצו פּשוטע זעקעס, פון דער זאָנע.

אין צימער איז דער אויוון געווען אָנגעהייצט ווי ס׳געהער צו זיין. צוויי אויפזעער, אויסגעטאָן ביז די ברודיקע אונטערוועש, האָבן געשפּילט אין דאַמקע. דער דריטער, אין אַן אַרומגעבונדענעם טולופּ און וואַליקעס, איז געשלאָפן אויף אַ שמאָלער באַנק. אין ווינקל איז געשטאַנען אַן עמער און נעבן אים איז געלעגן אַ שמאַטע.

שוכאָוו האָט זיך דערפרייט:

— אַ דאַנק, בירגער נאַטשאַלניק, כ׳וועל שוין קיינמאָל מער נישט ליגן לענגער ווי עס איז דערלויבט.

דער ענין איז איצט געווען אַ פּשוטער: ענדיקסט די אַרבעט קאָנסטו אַוועקגיין. שוכאָוו האָט שוין נישט געפילט קיין ברעכן אין די ביינער. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם עמער, און אָן הענטשקעס (אין געאייל האָט ער זיי פאַרגעסן אונטערן קישן) אַוועק מיט אים צום ברונעם.

ביים סלופּ מיטן טערמאָמעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע בריגאַ־דירן, איינער, גאָר אַ יינגער, אַ געוועזענער העלד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, איז אַרויף אויפן סלופּ און באַמיט זיך אָפּווישן דעם פראָסט פון טערמאָמעטער.

פון אונטן האָט מען אים גע׳עצה׳ט:

— דו, זע אָטעמען אין אַ זייט, אַז נישט וועט דער טערמאָמעטר זיך הייבן.

— הייבן! שמייבן!.. דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג.

שוכאָוו בריגאַדיר, טיורין, איז אין דעם געזעמל נישט געווען. שוכאָוו האָט אַוועקגעשטעלט דעם עמער, אַריינגעצויגן די הענט אין די אַרבל אַריין און צוגעקוקט זיך מיט נייגיר.

יענער אויפן סלופּ, האָט אַ הייזעריקער אויסגערופן:

— זיבן און צוואַנציק מיט אַ האַלבן! צום טייוול!

כאַפּנדיק נאָכאַמאָל אַ בליק אויפן טערמאָמעטר, כדי זיין אינגאַנצן זיכער, איז ער גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון סלופּ.

— ער איז ווערט אַ זעץ אינדרערד, קיינמאָל ווייזט ער נישט קיין ריכטיקע טעמפּעראַטור — האָט זיך אימיצער אָנגערופן — ווער וועט דאָס געבן אין זאָנע אַריין אַ גוטן טערמאָמעטער?

די בריגאַדירן זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. שוכאָוו איז אַוועק צום ברונעם. דער פראָסט האָט געבריט — עס האָבן נישט געהאָלפן די אַראָפּ־געלאָזענע אויערן־לאַפּעס פון הוט.

דער עמער איז קוים דורכגעגאַנגען דורכן ענגן דיקן פראָרוב אינעם ברונעם. דער שטריק איז געשטאַנען, ווי ער וואָלט זיין פון גראָבן דראָט.

נישט פילנדיק די הענט האָט שוכאָוו אַוועקגעטראָגן דעם רויכערנדיקן עמער אין אויפזעער־צימער אַריין. דאָ האָט ער זיי אַריינגעלייגט אין קאַלטן וואַסער און גלייך דערפילט ווי עס ווערט אים וואַרעמער.

דער טאָטער איז אין צימער נישט געווען. די פיר אויפזעער האָבן אויפגעהערט שפּילן אין דאַמקע און געשפּאַרט זיך צו וויפל הירזשענע גרויפּן מ׳וועט געבן אין יאַנואַר.

— פאַרמאַך בעסער די טיר, היי נבלה! זעסט נישט אַז עס בלאָזט אַריין! — האָט זיך איינער אָנגערופן.

עס האָט נישט געהערט צו קיין גוטע זאַכן גלייך פון פרימאָרגן אויסנעצן די וואַליקעס. ס׳איז אָבער נישט געווען וואָס איבערצוטאָן, כאָטש נעם און לויף צוריק צו זיך אין באַראַק אַריין. וואָס שייך שיך האָט שוכאָוו פאַר די אַכט יאָר לאַגער שוין געזען פאַרשידנס: געווען

אַז מ'איז אַ גאַנצן ווינטער אָן וואַליקעס דורכגעגאַנגען, עס זענען קיין שיך נישט געווען, מען האָט געטראָגן לאַפּטשעס אָדער „טשעטעזעטקעס". איצט איז מיט שיך אַ ביסל בעסער: אין אָקטאָבער האָט שוכאָוו באַקומען אַ גאַנץ נישקשהדיקע פּאָר מיט האַרטע נאָסקעס, מיט אָרט אויף צוויי פּאָר וואַרעמע אָנוצעס. אַ גאַנצע וואָך האָט ער פּאַראַדירט אין זיי ווי אַ חתן בחור, געקלאַפּט מיט די נייענקע אָפּצאָסן. אין דעצעמבער זענען אָנגעקומען וואַליקעס — כאָטש נעם און טאַנץ פאַר שמחה. איז געקומען עפּעס אַ שד פון דער בוכהאַלטעריע און איינגערוימט דעם נאַטשאַלניק אויפן אויער: אויב זיי באַקומען וואַליקעס זאָלן זיי צוריקגעבן די שיך. עס וואָלט שוין געווען עק וועלט ווען אַ זעק זאָל האָבן צוויי פּאָר שיך! שוכאָוו האָט געמוזט אויסקלייבן: אַדורכגיין אַ גאַנצן ווינטער אין די שיך אָדער בלייבן ביי די וואַליקעס אפילו ווען אין דרויסן וועט טייען. ווי ער האָט זיי דאָס געקעכלט די שיך זיינע, געשמירט מיט סאָלידאָל, — אַזעלכע שיכעלעך! גאָרנישט איז אים אַזוי אַ שאָד געווען פאַר די אַכט יאָר ווי יענע שיך. מ'האָט זיי אַ שליידער געטאָן אויף איין באַרג, וועסנע־צייט וועלן זיי שוין דיינע נישט זיין.

אַראָפּגעצויגן פון זיך די וואַליקעס, און אַוועקגעשטעלט זיי אין אַ ווינקל פון צימער, האָט שוכאָוו אַ וואָרף געטאָן אויף זיי די אָנוצעס, פון וועלכע ס'איז מיט געבריאַזג אַרויסגעפאַלן דער לעפל — נישט פאַרגעסן אים מיטנעמען כאָטש געאײַלט זיך אין קאַרצער! נישט זשאַלעווענדיק וואַסער האָט ער מיט ברען גענומען וואַשן די פּאָדלאָגע.

— מנוול! אַ ביסל שטילער! — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די אויפזעער און אַוועקגעלייגט די פיס אויפן טיש.

— רייז? — האָבן די איבעריקע ווייטער געפירט דעם שמועס — מיט רייז איז נישטאָ וואָס צו פאַרגלייכן!

— שוטה, וואָס נעמסטו אָן אַזויפיל וואַסער? ווער וואַשט אַזוי אַ פּאָדלאָגע?

— בירגער נאַטשאַלניק! וועסט זי דאָך אַנדערש נישט דערוואַשן.

— האָסט אַמאָל געזען, חזירוק איינער, דיין באַבע וואַשן אַ פּאָדלאָגע? שוכאָוו איז געשטאַנען אָן אויסגעגלייכטער מיט דער שמאַטע אין

האַנט. ער האָט האַרציק געשמייכלט ווייזנדיק דערביי די עטלעכע איבער־געבליבענע ציין אין מויל. דאָס האָט די צינגאַ, נאָך אין דרייַ און פערציקסטן אין אוסט־איזשמע, געמאַכט פון זיי אַ טאָלק. ער איז דאַן געווען אַ סמוך למיתה, געליטן פון בלוטיקן שלשול, דער אויסגעמאַטערטער מאָגן האָט גאָרנישט געוואָלט צונעמען, דאָס שטאַמלען אין אים אויך געבליבן אַ מתנה פון דאָרטן.

— פון דער באַבע, בירגער נאַטשאַלניק, האָט מען מיך צוגענומען נאָך אין איין און פערציקסטן ; כ׳קאָן אַפילו נישט דערמאָנען זיך אַוועלכע זי איז געווען, די באַבע.

— אָט, אַזוי וואַשן זיי... צו גאָרנישט טויגן זיי די נבלות, ווילן גאָרנישט טאָן, דאָס ברויט וואָס זיי פרעסן אויף זענען זיי נישט ווערט, טינוף דאַרף מען זיי געבן!

— ווער דאַרף דאָס וואַשן אַלע טאָג, בלויז פייכטקייט בלייבט דערפון. דו, אַכט הונדערט פיר און פופציקסטער, הערסט? גיב זי אַ וויש און פלי פון דאַנען!

— רייז! הירזשענע גרויפּן וועסטו מיט קיין רייז נישט פאַרגלייכן. שוכאָוו האָט זיך גיך אַן עצה געגעבן מיט דער פּאָדלאָגע.

אַרבעט — איז ווי אַ שטעקן מיט צוויי עקן: מאַכסט זי פאַר אַ מענטש מוז זי געטאָן ווערן ווי ס׳געהער צו זיין, אויב פאַר אַ שוטה איז גענוג מאַכן דעם אָנשטעל אַז דו אַרבעטסט.

ווען ס׳זאָל זיין אַנדערש, וואָלט מען די קאָפּיטעס שוין לאַנג אויס־געצויגן, דאָס איז אַ באַוווּסטע זאַך.

שוכאָוו האָט אַ וויש געטאָן די פּאָדלאָגע, געזען אַז ס׳זאָלן קיין טרוקענע ערטער נישט בלייבן, דערנאָך אַ וואָרף געטאָן די נישט אויס־געדרייטע שמאַטע אונטערן אויוון, אָנגעצויגן אויף דער גיך די וואַליקעס, אַרויסגעכליאַפּעט דאָס וואַסער פון עמער, און דאָס גראָד אויף דער סטעזשקע ווו נאַטשאַלסטוואָ פלעגט גיין, און גלייך געמאַכט אַ ויברח אין סטאָלאָווע אַריין.

ער האָט נאָך געדאַרפט באַווייזן אין סאַנטשאַסט — די ביינער האָבן ווידער גענומען ברעכן. נעבן סטאָלאָווע מוז מען זען נישט אַריינפאַלן אין

אויג דעם אויפזועער: פאַראַן אַ שטרענגע פאַראָרדענונג פון לאַגער־נאַטשאַלניק צו וואַרפן אין קאַרצער אַזעלכע ווי ער, פאַרבלאָנדזשעטע.

בדרך נס איז פאַר דער סטאָלאָווע קיין אָטשערעד נישט געווען; נעם און גיי אַרייַן.

אינעווייניק איז ווי אין אַ באָד. פון דער אָנגעפרוירענער טיר, פונקט ווי פון דער באַלאַנדאַ, האָט געשלאָגן אַ פּאַרע. טייל בריגאַדעס זענען געזעסן אַרום די טישן, אַנדערע האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן אין די דורכגענג, געוואַרט אויף פרייע ערטער. דעזשורנעס, צו דריי מאַן, האָבן געטראָגן איין הילצערנע טאַץ מיט באַלאַנדאַ און קאַשע. עס האָט זיך געטומלט, איינער האָט געפרוווט איבערשרייַען דעם אַנדערן: טעמפּאַק, הילצערנע ליאַלקע, גיב אַ קוק ווי ער שטויסט זיך דאָס, דערלאַנג אים אַ זבעגק, וואָס שטייט ער אין מיטן וועג און זוכט ווי צו כאַפּן אַ לעק.

ביי איינעם אַ טיש האָט, פאַרן אייַנטונקען דעם לעפל אין דער באַלאַנדאַ, אַ יונגער בחור זיך געצלמט. מסתמא אַן אוקראַאינער, אַ זאַפּאַדניק, אַוודאי אַ נייַאיינקער.

די רוסן — די האָבן שוין אַפילו פאַרגעסן מיט וועלכער האַנט מען צלמט זיך.

אין סטאָלאָווע איז קאַלט. מערסטנטייל זיצן מיט די היט אויף די קעפּ. מען עסט נישט אייַלנדיק. אין דער שיטערער באַלאַנדאַ, אונטער די שוואַרצע קרויט־בלעטער, זוכט מען צעפּאַלענע, צעקאָכטע פּיצעלעך פיש. פון די אויסגעשפּיגענע ביינדלעך ווערט אויפן טיש אַ גאַנצער באַרג. איידער עס קומט אָן אַ צווייטע בריגאַדע גיט מען זיי אַ שאַר אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע און זיי ווערן דאָרט כרומפּענדיק צעטרעטן.

שפּייַען די ביינדלעך דירעקט אויף דער פּאָדלאָגע געהערט נישט צום גוטן טאָן.

אין מיטן באַראַק האָבן צוויי רייַען סלופּעס אונטערגעשפּאַרט דעם באַלקן. ביי איינעם פון זיי איז געזעסן שוכאָווס בריגאַדע־חבר פּעטיוקאָוו — ער האָט געהיטן פאַר אים דאָס ביסל באַלאַנדאַ. אין דער לאַגער־היעראַרכיע איז ער געווען פון נידעריקערער מדרגה ווי שוכאָוו. אויסערלעך האָט זיך אויסגעזען אַז אַלע זענען גלייַך, אַלע טראָגן זיי דאָך שוואַרצע

באַשליקן מיט נומערן פון זעלבער גרויס. אינעווייניק איז עס אָבער גאָרנישט אַזוי פּשוט — יעדער שטייט אויף זיין שטאַפּל. אַזאַ בוינאָווסקי, למשל, וועסטו נישט אָוועקזעצן היטן אַ שיסל באַלאַנדאַ. שוכאָוו ווידער, וועט אויך נישט טאָן יעדע אַרבעט, פאַראַן נידעריקערע פון אים.

פעטיוקאָוו האָט באַמערקט שוכאָוון און מיט אַ זיפץ אָפּגעטרעטן דאָס אָרט.

— זי איז שוין אָפּגעקילט, כ׳האָב געמיינט אַז וועסט נישט קומען, שוין געוואָלט אויפעסן.

ער איז גלייך אַוועק. ער האָט גוט געוווסט אַז שוכאָוו וועט גאָרנישט איבערלאָזן, אַז ער וועט אויסרייניקן ביידע שיסעלעך.

שוכאָוו האָט אַרויסגעצויגן פון וואָילעק דעם לעפל. ער איז אים ספּעציעל טייער דער דאָזיקער לעפל. ער איז דורכגעגאַנגען מיט אים דעם גאַנצן ווייטן צפון. אַליין אים אָפּגעגאָסן אין זאַמד, פון אַלומיניום־דראָט. עס איז אויסגעקריצט אויף אים — „אוסט־איזשמאַ, 1944״.

שוכאָוו האָט אַראָפּגעצויגן דעם הוט פון זיין געגאָלטן קאָפּ. ווי קאַלט ס׳איז נישט, קאָן ער דאָך נישט עסן אין הוט. ער האָט אַ מיש געטאָן מיטן לעפל אין דנאָ פון דער אָפּגעשטאַנענער באַלאַנדאַ און איבערצייגט זיך אַז זי איז נישט פון די ערגסטע. אמת, נישט קיין סאַמע קעסל־אויבן, אָבער אויך נישט קיין לורע. פּאַר פעטיוקאָוון איז גענוג וואָס ביים היטן די זופּ האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון איר די פּאָר קאַרטאָפליעס.

דאָס איינציקע פאַרגעניגן וועלכן באַלאַנדאַ קאָן פאַרשאַפן איז דערמיט וואָס זי איז הייס. שוכאָוו האָט זי אָבער באַקומען אַ קאַלטע. דאָך האָט ער געגעסן פּאַמעלעך און מיט כוונה. אין לאַגער, ווען אַפילו דער דאַך זאָל ברענען, דאַרף מען זיך נישט איילן. אַ חוץ די פּאָר שעה שלאָף האָט דער אַרעסטירטער נאָך צען מינוט פרייע אין דער פרי ביים אָנבייסן, אַזויפיל ביים מיטאָג און פונקט פינף מינוט ביי אָוונטברויט.

דער טעם פון דער באַלאַנדאַ האָט זיך נישט געביטן פון הייַנט אויף מאָרגן. דאָס איז אָפּהענגיק פון די פּראָדוקטן וואָס זענען פאַרגרייט אויף ווינטער. היי יאָר זענען עס בלויז איינגעזאַלצענע מייערן. פון סעפּטעמבער ביז יוני איז דעריבער אַוועק איין סדרה — מייערן־באַלאַנדאַ. הייַנט איז

אַ שטיקל אויסנאַם — שוואַרצע קרויט. די בעסטע צייט איז יוני, עס ענדיקן זיך אַלערליי פּרוכטן און זיי מוזן געבן קאַשע. די ערגסטע צייט איז יולי, אין קעסל גייט נאָר איין זאַך — געהאַקטע קראָפּיווע.

פון די פישעלעך זענען געבליבן בלויז ביינער. דאָס איבעריקע איז זיך צעשוווּמען. אויף אַ קעפּל אָדער אַן עק איז עפּעס געבליבן הענגען, די סקעלעטן זענען אָבער ריין. שוכאָוו האָט זיי אויסגענאָגט. עס איז געווען מער צו שפּייען ווי צו קייען. ער האָט פון יעדן מין פיש אַלץ געגעסן: די זשאַברעס, דעם עק, די אויגן, אָבער דאַן ווען דאָס אַלץ האָט זיך געפונען אויף זיין אָרט. ווען ס'איז געווען צעקאָכט ווען גרויסע פיש־אויגן למשל זענען געשוווּמען איבערן שיסל — האָט ער זיי נישט געגעסן. מ'האָט אים אויסגעלאַכט דערפאַר.

היינט האָט ער געמאַכט נישט קיין שלעכט געשעפט: נישט באַוויזן אַריינכאַפּן זיך אין באַראַק נאָך דער פּייקע ברויט, עסט ער איצט בלויז זופּ. דאָס ברויט וועט אים בלייבן אויף שפּעטער...

די צווייטע שפּייז איז קאַשע. אַ מין קאַשע פון מאַגאַראַ. ווען זי קילט זיך אָפּ ווערט פון איר איין שטיק. שוכאָוו האָט געבראָכן פון איר צו שטיקלעך. מאַגאַראַ־קאַשע אפילו ווען זי איז הייס, האָט זי אַ טעם פון חלשות, שוין אָפּגערעדט וואָס זי זעטיקט נישט. גראָז בלייבט גראָז, זאָל עס אַפילו זיין געל און אויסזען ווי הירזשענע גרויפּן. די חכמה פון געבן מאַגאַראַ אַנשטאָט גרויפּן האָט מען זיך מסתמא אויסגעלערנט פון די כינעזער.

אָפּגעלעקט דעם לעפל און אים באַהאַלטן אין וואַלעק, אָנגעצויגן דעם הוט אויפן קאָפּ איז שוכאָוו אַרויס און אַוועק אין ריכטונג צו דער סאַנטשאַסט.

דער הימל, פון וועלכן די לאַגער־לאַמטערנעס האָבן פאַרטריבן די שטערן, איז אַלץ נאָך אַזוי טונקל ווי געווען. ביידע גרויסע פּראָזשעקטאָרן טוען ווייטער זייער מלאכה: זיי שניידן די זאָנע מיט ברייטע ליכט־שטראָמען.

בעת דער ספּעץ־לאַגער האָט געשטעלט די ערשטע טריט האָט מען זיך דאָ, פּונקט ווי אויפן פראָנט, באַנוצט מיט ליכט־ראַקעטן. ווען ס'איז

נאָר צוליב עפּעס פּינצטער געוואָרן האָבן זיי זיך אַ שאָט געטאָן: ווייסע, גרינע, רויטע — אַן אמתע מלחמה! שפּעטער האָט מען זיך וויזט אויס אַרומגעזען אַז דאָס געשעפּט לוינט נישט, צו טייער?

עס איז נאָך אַלץ נאַכט. אַ דערפאַרן אויג קאָן אָבער אויפכאַפּן סימנים פון אָנקומענדיקן טאָג. אָט איז אַדורכגעגאַנגען דער געהילף פון דניעוואָלנע כראָמאָי (כראָמאָי האָט זיך געקאָנט דערלויבן האַלטן אַ געהילף, געהאָט מיט וואָס צו קאָרמען אים!), ער איז אַוועק צום 6־טן באַראַק רופן די אינוואַלידן אויף אָנבייסן. אין ריכטונג פון דער קולט־דערציערישער אָפּטיילונג ציט זיך קוים דער אַלטער מאָלער, דער מיטן בערדל. דאָס גייט ער נאָך פאַרבן און פּענדזל צום מאָלן נומערן.

מיט אַ ברייטן טריט איז דער טאָטער ווידער אַוועק אין ריכטונג צום שטאָב־באַראַק. אין אַלגעמיין זעט מען ווייניק מענטשן. יעדער באַמיט זיך אויסצונוצן די לעצטע זיסע מינוטן כדי אַריינכאַפּן אַ ביסל וואַרעמקייט.

שוכאָוו האָט זיך זייער געשיקט באַהאַלטן אונטער איינעם פון די באַראַקן. בעסער אַ צווייט מאָל נישט אַריינפאַלן דעם טאָטער אין אויג — עס קאָן זיך אַלץ איבערחזרן פון דאָס ניי. אַן אויפזעער טאָר דיך קיינמאָל נישט טרעפן איינעם אַליין. עס געשעט שוין אַז ער האָט פונקט אַן אַרבעט פאַר דיר, אָדער ער זוכט בכלל עמעצן אויף אויסגיסן זיין כעס. מ׳האָט אַ מאָל געלייענט אַ באַפעל איבער אַלע באַראַקן אַז פאַר אַן אויפזעער מוז מען ציען דעם הוט פינף טריט פאַר אים און צוריק אָנטאָן מעג מען ערשט צוויי טריט נאָך אים. פאַראַן אויפזעער וואָס מאַכן נישט קיין ווען דערפון, גייען אַדורך ווי זיי וואָלטן גאַרנישט געזען, עס זענען אָבער אויך דאָ אַזעלכע, וואָס האָבן ליב די זאַך. וויפל אַרעסטירטע האָבן שוין אַריינגעכאַפּט קאַרצער פאַר נישט ריכטיק ציען דעם הוט. ניין, שוין בעסער שטיין באַהאַלטן הינטערן באַראַק.

נאָכדעם ווי דער טאָטער איז אַדורך וואָלט שוין שוכאָוו געקאָנט גיין אין סאַנטשאַסט אַריין. ער האָט זיך אָבער פּלוצים דערמאָנט אַז אויף היינט פרי איז ער געוועזן אָפּגעשמועסט מיטן הויכן לעט, דעם פון „7־טן”, געזאָלט ביי אים נעמען אַ גלאָז צוויי מאַכאָרקע. דער לאַנגער לעט האָט נעכטן אָפּגענומען אַ פּעקל. ביז מאָרגן קאָן ער שוין האָבן

אַלץ פאַרקויפט — וואַרט דאַן ווידער אַ גאַנצן חודש. גוטע מאַכאָרקע באַקומט ער, דער לעט, זי איז געגוג שטאַרק, האָט אַ גוטן ריח, אַ ברוינלעכע איז זי אַזאַ.

פון עגמת נפש האָט שוכאָוו נישט געקאָנט רירן זיך פון אָרט. אפשר דאָך צוגיין אין דעם 7־טן באַראַק אַריין? די פיס האָבן אים אָבער אָוועקגעפירט צום סאַנטשאַסט.

אונטער די וואָיליקעס האָט געסקריפעט דער שניי.

אין קאָרידאָר פון סאַנטשאַסט איז, ווי שטענדיק, ציכטיק ריין, עס איז פשוט אַ שרעק שטעלן אַ טריט איבער דער פאָדלאָגע. די ווענט זענען לאַקירט אויף ווייס, די מעבל ווייסע.

די טירן פון די קאַבינעטן זענען אַלע פאַרמאַכט. די דאָקטוירים שלאָפן נאָך מסתמא. אין דעזשורקע איז פאַראַן בלויז דער ייִנגער פעלדשער קאָליאַ ווראָוושקין. ער זיצט אַן אָנגעטאָענער אין אַ פרישן ווייסן כאַלאַט און שרייבט.

שוכאָוו האָט אַראָפגעצויגן דעם הוט ווי פאַר נאַטשאַלסטווע. פון לאַגער־געוווינהייט האָט ער גענומען באַטאַפן מיט די אויגן דעם אַרום. ער האָט גלייך באַמערקט, אַז קאָליאַ טוט נישט קיין שום אַרבעט, נאָר שרייבט פאַר זיך. ער שטעלט שורה אונטער שורה, הייבט אָן יעדע פון אַ גרויסן אות. יאָ, ווראָוושקין טוט עפעס אַ לינקע אַרבעט, נאָר וואָס גייט עס אים, שוכאָוון, אָן.

— וואָט טשטאָ... ניקאָלאַי סעמיאָניטש... כ'בין עפעס ווי נישט געזונט — האָט שוכאָוו קוים פון זיך אַרויסגעבראַכט.

ווראָוושקין האָט אויפגעהויבן גרויסע, רויקע אויגן. ער האָט געטראָגן אַ ווייס קאַפּעלע, אַ ווייסן כאַלאַט, אָבער אַלץ אָן נומערן.

— פאַרוואָס אַזוי שפעט? פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען אָוונט־צייט? ווייסט דען נישט, אַז אין דער פרי נעמט מען נישט אָן? די רשימה פון די באַפרייטע איז דאָך שוין אַוועק אין „פעפעטשע".

דאָס אַלץ האָט שוכאָוו גוט געוווסט, אַפילו געוווסט אַז אָוונט־צייט איז פונקט אַזוי שווער באַקומען אַ באַפרייונג ווי יעצט.

— נו, קאָליאַ, אָבער... אָוונט־צייט ווען מ'דאַרף, טוט גראָד נישט וויי.

— וואָס איז עס אַזעלכעס? וואָס טוט דיר דאָרט וויי?

— זאָלסט וועלן זאָגן געגוי, איז שווער, אָבער ...אַלץ טוט וויי.

וודאָווושקין האָט גוט געוווּסט אַז שוכאָוו איז נישט פון די, וואָס האָבן אַ טבע צו קומען אין סאַנטשאַסט. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין רעכט צו באַפרייען מער ווי צוויי מענטשן אַ טאָג. די דאָזיקע נאָרמע האָט ער שוין היינט אויסגענוצט — די נעמען פון יענע ליגן אונטערן גרינעם גלאָז פון זיין טיש.

— האָסט זיך געדאַרפט מטריח זיין אַ ביסל פריער, נישט קומען איצט פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט. נאָ, אָט האָסטו!

וודאָווושקין האָט אַרויסגענומען פון אַ ספּעציעלן סלאָיקל אַ טערמאָ־אָפּגעווישט אים.

שוכאָוו האָט זיך אָנגעזעצט אויפן סאַמע ברעג פון אַ בענקל, נעבן וואַנט. דאָס אומבאַקוועמע אָרט האָט ער אויסגעקליבן מיט אַ שטיקל כוונה; געוואָלט ווייזן, אַז ער פילט זיך נישט דאָ צו היימיש און אַז ער איז נאָר געקומען אַהער צוליב אַ קלייניקייט.

וודאָווושקין האָט ווייטער געשריבן.

די סאַנטשאַסט האָט זיך געפונען אין אַ ווייט שטיל ווינקל פון זאָנע. קיין שום קלאַנג איז אַהער נישט דערגאַנגען, אַפילו נישט דאָס טיק־טאַקן פון אַ זייגער: אַרעסטירטע טאָרן בכלל נישט האָבן אַזעלכע זאַכן ווי אַ זייגער — ס׳איז גענוג אַז נאַטשאַלסטוואָ ווייסט ווי שפּעט עס איז. עס וואָלט אפשר אַמאָל אַ מויז אַ קראַץ געטאָן, האָט זיי אָבער די שפּיטאָל־קאַץ אַלע אויסגעכאַפּט.

פאַר שוכאָוון איז עפּעס געווען מאָדנע, וואָס ער קאָן זיצן גאַנצע פינף מינוט אין אַזאַ ריינעם, העל באַלויכטעטן צימער, אין אַ שטילקייט אַזאַ, און גאָרנישט טאָן. ער האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די ווענט און גאָרנישט געפונען אויף זיי. דערנאָך געכאַפּט אַ בליק אויף דער פופייקע זיינער: דער נומער אויפן ברוסט איז אָפּגעריבן, מ׳קאָן גאָך דערפאַר אַריינפאַלן אין הד גדיאָ, מען דאַרף אים זען אויפפרישן. מיט דער פרייער האַנט האָט ער אַ טאַפּ געטאָן די באָרד — זי איז נישקשהדיק אויסגעוואַקסן, נישט געגאָלט זי פון דער לעצטער באָד אָן, שוין זיכער אַ טאָג צען. אין דריי טעג אַרום

גייט מען ווידער אין באַד. ער וועט זי דאָרט אָפּגאָלן. צו וואָס גלאַט זיצן ביים פריזירער און וואַרטן? נישטאָ פאַר וועמען זיך שיין צו מאַכן.

קוקנדיק אויף ודאָוושקינס שניי־ווייס היטעלע האָט זיך שוכאָוו דערמאָנט אינעם סאַניטאַרן־באַטאַליאָן ביים טייך לאָוואַט. ער איז געבראַכט געוואָרן אַהין מיט אַ טיפער וווּנד אין קאָפּ. געקאָנט זיך אַוועקלייגן אויף אַ טאָג, פינף, אָבער נישט געוואָלט און פרייוויליק זיך אומגעקערט אויף דער פראָנט־ליניע.

היינט חלומט ער וועגן אַ צוויי דריי וואָכן קראַנק זיין. נישט חס וחלילה עס זאָל זיין מיט אַ סכנה פאַרן לעבן. ניין, פּשוט אַוועקלייגן זיך אין אַ שפּיטאָלבעט. גאַנצע דריי וואָכן וואָלט ער געלעגן ווי אַ מת, נישט קיין ריר געטאָן מיט אַ פינגער צומאָל. איי, וואָס מ׳קאָרמעט דאָרט מיט וואַסערדיקן בוליאָן, כאַפּט עס דער רוח.

אין לאַגער־שפּיטאָלעכל איז אָבער געוואָרן אַזוי אַז מען קאָן דאָ אויך קיין ביסעלע רו נישט געפינען. מיט איינעם פון די לעצטע עטאַפּן איז אָראָפּגעקומען אַ נייער דאָקטער — סטעפאַן גריגאָריטש — אַליין אַן אומרויקער שד, פאַרגינט ער נישט די קראַנקע אַ ביסל מנוחה. דאָס האָט ער אויסגעקלערט אַז קראַנקע וואָס ליגן נישט דאַרפן גיין אויף אַרבעט: שטעלן פּלויטן, פּלאַסטערן סטעזשקעס, פירן ערד צו בלומענבייטן, ווינטער — רייניקן שניי. אויף אַ קרענק, זאָגט ער, איז די בעסטע רפואה אַרבעט.

פון אַרבעט פּגרן אָבער פערד. וואָלט ער זיך אַליין אָנגעהאָרעוועט, זוי ווי מיר וואָלט ער שוין געליגן איינגעלייגט.

ודאָוושקין האָט נאָך אַלץ געשריבן, געטאָן „לינקע" אַרבעט, שוכאָוו האָט אָבער נישט געקאָנט באַגרייפן וועלכע זי איז. ודאָוושקין האָט איבערגעשריבן אַ לאַנג ליד וועלכעס ער האָט נעכטן „אָפּגעשליפן" און צוגעזאָגט עס היינט ווייזן סטעפאַן גריגאָריטשן.

אַזוי פירט זיך נאָר אין אַ לאַגער; דאָס האָט סטעפאַן גריגאָריטש גע׳עצהט ודאָוושקינען אָנגעבן זיך אַלס פעלדשער. און ער איז טאַקע געוואָרן פעלדשער, געלערנט זיך אויף האָרעפּאַשניקעס מאַכן אייגשפּריצונגען אין די אָדערן. ביי זיי האָט אַפילו נישט געקאָנט געבוירן ווערן אַזאַ געדאַנק אַז אַ פעלדשער קאָן גאָר זיין נישט קיין פעלדשער. אַרום און אַרום

איז קאָליאַ נאָר געווען אַ סטודענט פון ליטעראַרישן פאַקולטעט. מ׳האָט אים אַרעסטירט פון צווייטן קורס. סטעפאַן גריגאָריטשן האָט זיך פאַרוואָלט אַז קאָליאַ זאָל דאָ, אין לאַגער, שרייבן דאָס וואָס ס׳איז אויף דער פריי פאַרבאָטן.

דורך די טאָפּלטע, אָנגעפרוירענע פענצטער, איז קוים דערגאַנגען דאָס קלינגען צו אַרבעט. שוכאָוו האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט מיט אַ טיפן זיפץ. ער האָט געפיבערט פונקט ווי פריער. וודאָווושקין האָט ביי אים גענומען דעם טערמאָמעטער און אַ קוק געטאָן:

— זעסט, נישט אַהין און נישט אַהער: זיבן און דרייסיק מיט צוויי! וואָלט זיין זיבן און דרייסיק מיט אַכט איז פאַר יעדן קלאָר, אַזוי אָבער? איך קאָן דיך נישט באַפרייען. ווילסט, בלייב, נאָר אויף אייגענער אחריות. וועט דער דאָקטער שפעטער זאָגן: קראַנק — וועט ער באַפרייען, אויב: געזונט — שיקט ער דיך אין „בור” אַריין. איך ראַט דיר בעסער צוריקגיין אין זאָנע.

שוכאָוו האָט נישט געענטפערט, נישט פאַרנייגט זיך צומאָל, אָנגעצויגן דעם הוט און אַרויס.

ווען ס׳איז וואַרעם, דער וועט אַ געפרוירענעם נישט פאַרשטיין.

דער פראָסט האָט געקוועטשט. אַ בייסיקער נעפל האָט אַרומגענומען שוכאָוון ווי מיט קלאַמערן. ער האָט זיך צעהוסט. דער פראָסט האָט געהאַט זיבן און צוואַנציק גראַד, שוכאָוו — זיבן און דרייסיק. איצט, ווער וועמען?

שוכאָוו איז איילִיק אַוועק צו זיין באַראַק. די זאָנע איז געווען פוסט. דאָס איז די קורצע ווײַלע ווען מ׳איז שוין אָפּגעריסן פון דער נאַכט, אָבער נאָך נישט באַהאָפטן מיטן טאָג, אין וואַרעמע קאַזאַרמעס זיצן קאָנוואָיענטן, אָנגעלענט מיט די פאַרשלאָפענע קעפ אויף ביקסן. אין אַזאַ פראָסט שטייען אויף די וואַכטורעמס איז אויך נישט האָניק לעקן. אַנדערע וועכטער, אויף דער הויפּטוואַך, וואַרפן צו שטיקלעך קוילן אין אייוועלע אַריין. די אַרעסטירטע אָנגעטאָן אין אַלע זייערע בגדי־דלות, אַרומגעבונדן מיט שטריק און שטריקלעך, די פּנימער אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס ליגן אויף די פּריטשעס אין אַ מין האַלב־שלאָף האַלב־וואַך און וואַרטן אויף דעם בריגאַדירס געשריי „פאַדיאָם!”

צוזאַמען מיטן גאַנצן נייגטן באַראַק האָט אויך געדרימלט די 104־טע בריגאַדע. בלויז פּאַוולאָ, דער געהילף־בריגאַדיר, האָט שטיל געשעפּטשעט און מיט אַ בלייער עפּעס גערעכנט. אויף דער אויבערשטער נאַרע האָט שוכאָוו שכן, דער באַפּטיסט אַליאָשקאַ, געלייענט אין זיין נאָטיץ־ביכל. ער האָט דאָרט געהאַט פאַרשריבן האַלב עוואַנגעליע.

שוכאָוו איז אַריינגעפאַלן אין באַראַק אַ פאַרסאַפּעטער, אָבער צום געהילף־בריגאַדיר איז ער צוגעגאַנגען שטיל אויף די שפּיץ־פינגער.

פּאַוולאָ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— נו, נישט איינגעזעצט דיך, איוואַן דעניסיטש? לעבסט?

ער האָט געגומען פון טיש די פּייקע ברויט און זי דערלאַנגט שוכאָוון. אויף דעם ברויט איז ווי אַ פאַרשנייטער שפּיץ, געלעגן אַ שטיקעלע צוקער. שוכאָוו האָט עס אין געאייל אַ כאַפּ אַראָפּ געטאָן מיט די ליפּן. גענומען די פּייקע אין איין האַנט, ווי געווויגן צי זי האָט אירע פינף הונדערט און פופציק גראַם, און מיט דער צווייטער אַרויפגעדראַפּעט זיך צו זיין געלעגער. טויזנטער פּייקעס האָט ער שוין אָפּגענומען פאַר דער צייט וואָס ער איז אין די לאַגערן און טורמעס אָבער קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט איבערצוווען אַזאַ אויף אַ וואָג. פון דער נאַטור אַ שטילער, אַן איבערגעשראָקענער, האָט ער נישט ליב צו באַקלאָגן זיך, זוכט נישט קיין גערעכטיקייט. ווי יעדער אַרעסטאַנט ווייסט ער גוט אַז קיין ערלעכקייט איז אין כלעבאַרעזקע נישט פאַראַן, אַז צו יעדער פּייקע פעלט וואָג. די פראַגע איז נאָר וויפל עס פעלט. נעמסט יעדן טאָג דאָס שטיקל ברויט אין האַנט, קוקסט דערויף, ווילסט באַרויקן די נשמה, אַז היינט האָט מען דיך אפשר נישט צו שטאַרק באַגזלט.

— אַ גראַם צוואַנציק פעלט — האָט שוכאָוו ווי צו זיך געזאָגט, און איבערגעבראָכן די פּייקע אויף צוויי, איין העלפט האָט ער אַריינגערוקט אין בוזעם, אין אַ ווייס קעשענקעלע אַ צוגענייטס בשתיקה צו דער פופּייקע (פאַר זעקעס האָט די פאַבריק געגייט פּופּייקעס אָן קעשענעס), און די צווייטע העלפט, די איינגעשפּאָרטע ביים אָנבייסן, געקלערט גלייך אויפעסן. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט אַז עסן אין געאייל האָט נישט קיין זין, עס וועט נישט זעטיקן. אפשר באַהאַלטן אין שענקעלע? ער האָט זיך אָבער

דערמאָנט, אַז מ׳האָט לעצטנס געמוזט אָנברעכן די ביינער די דניעוואַלנעס וואָס האָבן זיך פֿאַרגומען מיט גנבענען.

נישט אַרויסלאָזנדיק דאָס שטיקל ברויט פֿון האַנט האָט ער זייער געשיקט אַרויסגעצויגן די פּיס פֿון די וואַליקעס, איבערלאָזנדיק אין זיי די אָנוצעס, און אַ באַרוועסער אַרויפֿגעקלעטערט צו זיין געלעגער. אויף דער גיך געמאַכט אַ לאָך אינעם מאַטראַצל האָט ער דאָרטן, צווישן טראָטשינעס, אַריינגעשטופּט די האַלבע פּייקע ברויט. אַראָפּגעצויגן דעם הוט, ווו ער האָט געהאַט באַהאַלטן אַ נאָדל־פֿאָדעם, (ער האָט שוין אַמאָל געכאַפּט קלעפּ דערפֿאַר) און מיט עטלעכע גרויסע פּאַסטריגעס פֿאַרצויגן דאָס לאָך אין מאַטראַץ. אין צווישנצייט איז ביי אים אין מויל צעגאַנגען דאָס שטיקל צוקער. יעדער נערוו איז געווען אָנגעשטרענגט ביז העכסטער מאָס — באַלד קאָנען זיך אין טיר דערהערן קולות פֿון נאַטשאַלסטווא. די פֿינגער האָבן זיך באַוועגט מיט גרויס געניטיקייט, די געדאַנקען זענען געלאָפֿן פֿאָרויס, — וואָס ווייטער?

אַליאָשקאָ האָט געלייענט די עוואַנגעליע אַ ביסעלע אויפֿן קול (אפשר אויך אַז שוכאָוו זאָל הערן — די באַפּטיסטן האָבן ליב אַגיטירן):

— און ס׳זאָל קיינער פֿון אייך נישט באַשטראָפֿט ווערן אַלס רוצח אָדער גנב פֿאַר וועלן צואייגענען זיך יענעמס פֿאַרמעגן. אויב ליידט ער דערפֿאַר וואָס ער איז אַ קריסט זאָל ער זיך נישט שעמען נאָר לויבן גאָט פֿאַר אַזאַ גורל.

אַליאָשקאַ איז אַן אויסטויגער: ער פֿאַרשטעקט אַזוי זיין ביכעלע אַז קיין שום רעוויזיע אַנטדעקט עס נישט.

שוכאָוו האָט מיט די זעלבע גיכע באַוועגונגען אַרויסגעצויגן פֿון אונטערן מאַטראַץ די הענטשקעס, אַ פּאָר צעריסענע אָנוצעס, אַ שטיקל שטריק און אַ שמאַטע. אויסגעגלייכט די טראָטשינעס (זיי זענען געווען שטאַרק געפּרעסט), צוריק פֿאַרדעקט דאָס געלעגער, אַ וואָרף געטאָן דאָס קישן און אַ באָרוועסער אַראָפּגעלאָזט זיך צו דער פּאָדלאָגע. צוערשט האָט ער אַרומגעדרייט אויף די פּיס די גוטע אָנוצעס און דערנאָך, אויף זיי, די צעריסענע.

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דערהערט דאָס קול פֿון בריגאַדיר:

— ענדיקן דאָס שלאָפן, הונדערט־פּערטע! ווי־כאָ־די!

די דרעמלענדיקע בריגאַדע האָט זיך מיט אַ מאָל אַ הייב געטאָן, אָפּגע־גענעצט און פאַרנומען צום אַרויסגאַנג.

דער בריגאַדיר האָט 19־יאָריקן לאַגער־סטאַזש. ער וועט נישט אַרויספירן צו אַרבעט אַפילו מיט אַ מינוט פריער ווי מ׳דאַרף. האָט ער שוין אַ רוף געטאָן „וויכאָדי!" הייסט אַז ס׳איז די העכסטע צייט.

ביז די אַרעסטאַנטן זענען מיט שווערע טריט געגאַנגען איבערן קאָרידאָר צום גאַנעק און דער בריגאַדיר פון דער צוואַנציקסטער האָט, נאָך טיורינס ביישפּיל, געשריגן „וויכאָדי!" איז שוכאָוו פאַרטיק געוואָרן מיט אַרומוויקלען די צוויי פּאָר אָנוצעס און אַריינקריכן מיט די פיס אין די וואַליקעס. ער האָט נאָך באַוויזן אַרויפציען דעם באַשליק און גוט אַרומגאַר־טלען זיך מיט אַ שטריק. אַ לעדערנעם רימען טאָר מען אין לאַגער נישט האָבן, ווער ס׳האָט אַזאַ געהאַט האָט מען ביי אים צוגענומען.

שוכאָוו האָט אָנגעיאָגט די בריגאַדע ווען זי איז נאָך געווען נעבן גאַנעק: נומערירטע פּלייצעס האָבן געמיטן די טיר... מגושמדיקע, אָנגעטאָן אין אַלע שמאַטעס וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, זענען די זעקעס פּאַמעלעך געגאַנגען צום אַפּעל־פּלאַץ. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דאָס סקריפּען פון זייערע טריט.

עס איז נאָך אַלץ פינצטער כאָטש פון מזרח־זייט איז דער הימל געוואָרן גרינלעך און צוביסלעך העלער. ס׳האָט אויך געצויגן פון דאָרט אַ בייסיק, בייז ווינטל.

קיין ערגערע מינוטן ווי אין דער פרי, ווען מ׳גייט אַרויס אויף אַרבעט אין דער פינצטער, אין פראָסט, מיט אַ הונגעריקן בויך, זענען נישטאָ. די צונג ווערט פאַרשטאַרט, עס ווילט זיך מיט קיינעם אַפילו אַ וואָרט נישט אויסריידן.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ האָט שוין געבושעוועט דער געהילף פון אַרבעט־אויפזעער.

— העי, טיורין, וויפל דאַרף מען אויף דיר וואַרטן? ווידער שלעפּסטו זיך ווי אַ טשערעפּאַכע?

ער קאָן איבערשרעקן אַזאַ שוכאָוו אָבער נישט טיורינען וועלכער איז

זיך אַפילו נישט מטריח עפענען דאָס מויל. ער גייט שטילערהייט ווייטער. הינטער אים טאָפּטשעט די בריגאַדע, און סקריפּעט איבערן שניי...

ווייזט אויס אַז דער קילאָ סאַלע וועלכן ער האָט אָוועקגעטראָגן האָט געהאָלפן — די 104־טע איז געבליבן אויף איר אַלטן אָרט. אין סאָצגאָראָדאָק וועט מען אַוועקטרייבן אָרעמערע און נאַרישערע. אוי, וועט דאָרט הייגט זיין: זיבן און צוואַנציק מיט אַ ווינט! נישט ווו צו באַהאַלטן זיך, נישט אָנוואַרעמען, און אַזוי אַ גאַנצן טאָג.

דער בריגאַדיר באַדאַרף אַ סך סאַלע: די פּעפּעטשע מוז מען אונטער־שמירן, דעם און יענעם צו ביסלעך און דער אייגענער בויך איז דאָך אויך נישט קיין ממזר. כאָטש ער באַקומט גישט קיין פּאַסילקעס, דער בריגאַ־דיר, זיצט ער אָבער נישט אָן סאַלע. ווער פון בריגאַדע עס באַקומט אַ פּעקל לויפט ער גלייך מיט אַ מתנהלע צום בריגאַדיר.

דאָס איז דער איינציקער אופן אויף קאָנען דורכלעבן אין לאַגער.

דער הויפּט אַרבעטס־אויפזעער שרייבט עפּעס אויף אַ ברעטל:

— טיורין, האָסט הייגט איין קראַנקן און דריי און צוואַנציק צו דער אַרבעט?

— יאָ, דריי און צוואַנציק — שאָקלט טיורין מיטן קאָפּ.

ווער פעלט? פּאַנטעלעיעוו איז נישטאָ, צי איז ער באמת קראַנק?

איבער דער בריגאַדע גייט דורך אַ שושקעריי:

פּאַנטעלעיעוו, דער כלב, איז ווידער געבליבן אין זאָנע. ווי איז ער קראַנק? דאָס האָט דער פּאָליט־אָפיציר אים געלאָזן: ער וועט שוין הייגט ווידער סליחהגען און דאָס בייטאָג אָן שטערונגען; קיינער זעט נישט, קיינער הערט נישט. ער וועט דאָרט זיצן אין וואַרעמקייט אַ שעה דריי... דאָס אַלץ ווערט געכשרט דורך דער סאַנטשאַסט...

דער גאַנצער פּלאַץ איז געווען שוואַרץ פון באַשליקעס. פּאַמעלעך האָבן די בריגאַדעס זיך דורכגעשטופּט צו זייערע ערטער. שוכאָוו דערמאָנט זיך אַז ער דאַרף אויפפרישן דעם נומער פון דער פופייקע און גייט אַריבער אויף דער צווייטער זייט פּלאַץ ווו עטלעכע אַרעסטאַנטן זענען שוין געשטאַנען אין דער ריי צום אַלטן מאָלער. פון די נומערן קומען אַרויס

בלויז צרות: דער אויפזעער באַמערקט פון דער ווייטנס, אַ קאָנוואָיִענט האָט נישט קיין שוועריקייטן צו פאַרשרייבן, ער גיט אַ קוק אויפן נומער און געננוג. ווערסטו אים נישט אויפפרישן, זענען דאָ אַנדערע צרות, עס דראָט אפילו קאַרצער.

אין לאַגער זענען דאָ דריי מאָלער. זיי מאָלן בילדער פאַר נאַטשאַלסטוואָ, פאַרשטייט זיך אַז אומזיסט. אַ חוץ דעם מוז יעדער, לויט דער ריי, מאָלן נומערן. הייַנט איז די ריי פון אַלטן, דעם מיטן גרויען בערדל. ווען ער שמעלט אַוועק אַ נומער אויף אַ היטל פילט ער זיך ווי אַ פּאָפּ ביים שפּריצן מיט הייליק וואַסער.

ער גיט אַ צי מיטן פּענדזל, אַ צווייטן, און הויכט אין הענטשקע, געשטריקטע פון וואָל, אָבער אַ דינענקע. די האַנט ווערט אין איר פאַרשטאַרט און וויל די נומערן ריכטיק נישט מאָלן.

מיט אַ נייעם נומער „שטש-854" אויף דער פופייקע, מיט אַ צעפּאַטלטן באַשליק און אַ שטריקל אין האַנט האָט שוכאָוו דעריאָגט די בריגאַדע. ס'האָט זיך אים גלייך געוואָרפן אין די אויגן אַז צעזאַר, זיין בריגאַדע-חבר, רויכערט און דאָס נישט קיין לולקע, נאָר דווקא אַ פּאַפּיראָס. הייסט עס אַז ס'קאָן עפּעס בלייבן פאַר אים. ער האָט אָבער נישט געוואָלט בעטן נאָר צוגערוקט זיך נעענטער, געמאַכט ווי ער זעט נישט.

געקוקט אין אַ זייט, מיט גלייכגילט, האָט ער אָבער גוט געזען ווי נאָך יעדן צעזאַרס פאַרציִען זיך (יענער האָט עס געטאָן מיט גרויס כוונה) רוקט זיך דאָס רויטע פייערל וואָס אַ מאָל נעענטער צום מונדשטיק.

פונקט ווי אויף להכעיס האָט זיך אָנגעטראָגן פעטיוקאָוו, דער שאַקאַל, אַוועקגעשטעלט זיך אַקעגנאיבער צעזאַרן און מיט פייערלעך אין די אויגן געקוקט יענעם גלייך אין מויל אַריין.

ביי שוכאָוון איז אפילו קיין ברעקעלע מאַכאָרקע נישט געבליבן און ער וועט זיכער ביז אָוונט גאָרנישט באַווייזן איינהאַנדלען. ס'איז אים דעריבער געבליבן שטיין און געדולדיק וואַרטן. כאָטש אין דעם אויגנבליק איז דאָס שטיקעלע פּאַפּיראָס אים טייערער ווי די פרייהייט וועט ער זיך דאָך נישט אַראָפּלאָזן אַזוי נידעריק ווי פעטיוקאָוו. ער וועט נישט קוקן יענעם גלייך אין מויל אַריין.

אין צעזאַרן האָבן זיך ווייזט אויס אַלע ראָסן אויסגעמישט: מ׳האָט נישט געוווסט צי ער איז אַ גריך, אַ ייד, אָדער אַ ציגיינער. ער איז נאָך זייער יונג. אויף דער פרייהייט האָט ער געדרייט פילמען, נישט באַוויזן קיין איינעם ענדיקן ווי מ׳האָט אים איינגעזעצט. וואָנצעס טראָגט ער שוואַרצע, געדיכטע ווי פון איין שטיק. מעגלעך אַז דערפאַר האָט מען זיי אים געלאָזן, נישט אָפּגעגאָלט, און מיט זיי איז ער אַריין אין די אַקטן.

— צעזאַר מאַרקאָוויטש! — פעטיוקאָוו האָט נישט אויסגעהאַלטן און געסליוניעט — גיב כאָטש איין מאָל אַ ציִ צו טאָן.

זיין פּנים האָט זיך געביטן: פון גיריקייט ביז בעטנדיקן באַגער.

צעזאַר האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן־לעפּלעך און מיט די קויל־שוואַרצע אויגן באַטראַכט פעטיוקאָוון. צוליב אַזעלכע האָט ער געמוזט איבערגיין אויף אַ ליולקע. עס איז אים נישט אַ שאָד דאָס ביסל מאַכאָרקע אָדער שטיקל פּאַפּיראָס, ווי דעם איבערגעריסענעם געדאַנק. ער רויכערט כדי קאָנען טיפער טראַכטן אָבער ווי נאָר ער נעמט אַ פּאַפּיראָס אין מויל אַזוי שטעלן זיך גלייך אָן עטלעכע פּאָר אויגן און בעטן: „לאָז איבער אויף דעררויכערן׳!״

צעזאַר האָט זיך אויסגעדרייט צו שוכאָוון — נעם, איוואַן דעניסיטש!

— און מיטן דאַמען־פינגער אַרויסגעדרייט דאָס שטיקל נישט דעררויכערטן פּאַפּיראָס פון קורצן בורשטין־מונדשטיק.

שוכאָוו האָט אויפגעוואַכט (ער האָט געגלויבט אַז צעזאַר וועט עס אים געבן) און גיך אויסגעשטרעקט אַ דאַנקבאַרע האַנט. מיט דער צווייטער האָט ער באַוואָרנט די ערשטע, טאָמער חלילה פאַלט דאָס שטיקעלע פּאַפּיראָס פון יענער אַרויס.

ער האָט נישט גענומען פאַר שלעכט צעזאַרן פאַרוואָס ער האָט נישט געגעבן דעררויכערן דאָס שטיקעלע פּאַפּיראָס צוזאַמען מיטן מונדשטיק (ביי איינעם איז דאָס מויל ריין, ביי אַ צווייטן — מיט אַ שלעכטן ריח). וויכטיק איז אַז פעטיוקאָוו, דער שאַקאַל, האָט באַקומען אַ וויש איבער דער נאָז.

ער האָט געצויגן אַזוי לאַנג ביז דאָס פייער האָט אָנגעהויבן בריען די ליפּן. דער רויך איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבערן הונגעריקן קערפּער,

געבליבן אין די פּיס, אין קאָפּ און דורכגענומען אים מיט אַ ווונדערלעכן געפיל...

גראָד אין דער רגע האָט ער דערהערט אַ געברום:

— זיי נעמען צו די אונטערהעמדער!...

אַזאַ איז דאָס לאַגער־לעבן. שוכאָוו האָט זיך שוין צו דעם צוגעוווינט:

דאָ מוז מען נאָר אויפּפּאַסן מ׳זאָל זיך דיר אויפן גאָרגל נישט וואַרפן.

פאַרוואָס עפּעס די העמדער? האָט דאָך דער נאַטשאַלניק אַליין זיי געגעבן? עפּעס שטימט דאָ נישט...

באַלד וועלן זיי זיך נעמען מאַנגלעווען די 104־טע. בלויז צוויי בריגאַדעס שטייען נאָך פאַר איר. אַלס צולאָג איז פון שטאַב־באַראַק אָנגעקומען לייטענאַנט וואָלקאָוואָי. נאָך איידער מ׳האָט אים געזען האָט זיך שוין געהערט זיין ווילד שרייען. די אויפזעער, וואָס האָבן גאָרנישט שלעכט „געאַרבעט" ביז איצט, האָבן נאָך דעם געשריי אַ וואָרף געטאָן זיך ווי ווילדע חיות. זייער עלטסטער האָט אַ ריטשע געטאָן:

— די העמדער!

פאַר לייטענאַנט וואָלקאָוואָי ציטערן נישט בלויז די אַרעסטאַנטן. עס האָבן פאַר אים מורא אַפילו די אויפזעער און יש אומרים אַז אויך דער לאַגער־קאָמענדאַנט אַליין. גאָט האָט אים געגעבן דעם ריכטיקן נאָמען — וואָלקאָוואָי — ער איז מיט גאָר נישט בעסער פון אַ וואָלף.

אַ הויכער, אַ שוואַרצער, מיט אַ בייזן בליק טראָגט ער זיך שטענדיק אָן ווי אַ וויכער. פּלוצים גיט ער אַ טויך אויף פון הינטער אַ באַראַק: „האַ, דאָ זיך פאַרזאַמלט?" וועסט זיך פאַר אים נישט אויסבאַהאַלטן. אין די פריערדיקע יאָרן פלעגט מען אים אַנדערש נישט זען ווי נאָר מיט אַ גראָבן, לעדער־געפלאָכטענעם, קאַנטשיק. מ׳זאָגט אַז אין „בור" פלעגט ער שלאָגן מכות רצח. אָוונטצייס, ווען די אַרעסטאַנטן פלעגן זיך פאַרזאַמלען נעבן באַראַק צום אַפּעל, איז ער אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד. שטענדיק געפּוצן וועמען מכבד צו זיין מיט דער בייטש: „פאַר וואָס ביסטו נישט אין שורעגע, מנוול?" ווער ס׳האָט באַקומען אַ גאָב, האָט שווייגנדיק אָפּגעווישט דאָס בלוט און געדאַנקט גאָט וואָס ס׳האָט זיך געענדיקט אַן קאַרצער.

לעצטנס זעט מען אים עפּעס נישט מיט דער בייטש.

בעת אַ פראָסט איז דאָס פרימאָרגן־מאַנגלעווען, אָדער „פּילצעוון" אַ ביסל ווייכער ווי אָוונט־צייט. צו פינף אין אַ גרופּע, מיט צעכלאָסטעטע פּאָלעס זענען זיי איצט געגאַנגען אַנטקעגן די וואַרטנדיקע אויפזעער. אויף יעדן אַרעסטאַנט — איין אויפזעער. זיי באַטאַפּן פון קאָפּ ביז פיס: צוערשט די פּופּייקע, דערנאָך די איינציק דערלויבטע קעשענע אויף דער רעכטער קני. אויב עס זעט עפּעס אויס פאַרדעכטיק ווילן זיי צומאָל די הענטשקעס נישט אויסטאָן און פרעגן נאָר: „וואָס איז דאָס?"

וואָס אַזעלכעס קאָן שוין איצט אַן אַרעסטאַנט האָבן ביי זיך? אַ מעסער? אַזאַ זאַך טראָגט מען נישט אַרויס פון לאַגער, נאָר פאַרקערט. אין לאַגער אַריין. עס קאָן אָבער זיין אַז ס'האָט ווער באַהאַלטן אַ קילאָ דריי עסן און קלערט אַנטלויפן. געווען אַ צייט ווען דער באַפעל האָט געזאָגט אַז אַרעסטאַנטן טאָרן נישט האָבן ביי זיך די צוויי הונדערט גראַם ברויט. יעדע בריגאַדע מוז האָבן אַ הילצערן קעסטל און דאָרט דאַרפן זיך געפינען די האַלבע פּייקעס ברויט. שווער צו זאָגן וואָס זיי האָבן געוואָלט. אײנס איז זיכער: זיי האָבן זיך געוואָלט איזדעקעווען, דערלייגן נאָך אַ צרה. יעדער האָט געמאַכט אַ צייכן, איינגעביסן זיין שטיקל ברויט מיט אַ סימן. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן — אַלע שטיקלעך זענען אַזוי ווי געווען ענלעך צו זיך. אַ טאָג, אַ גאַנצן, פלעגט מען זאָרגן אַז דאָס שטיקל ברויט זאָל חס וחלילה נישט פאַרטוישט ווערן. עס איז דערגאַנגען צו מחלוקת, צו געשלעגן.

איינמאָל האָבן דריי אַרעסטאַנטן פאַרכאַפּט אַ לאַסט־אויטאָ, אַנטלאָפן מיט אים און מיטגענומען אַזאַ קעסטעלע ברויט. באַטשאַלסטוואָ איז געקומען צום שכל און פאַראָרדנט צעברעכן אַלע קעסטעלעך. יעדער אַרעסטאַנט איז מחויב טראָגן מיט זיך זיין שטיקל ברויט.

אין דער פרי קאָנטראָלירן זיי די בגדים — צי עס טראָגט נישט ווער אונטער די אַרעסטאַנטסקע אויך ציווילע. וואָס פאַר אַ זין האָט עס אַז דאָס ציווילע אָנטאָן, פון דער היים, ליגט אין מאַגאַזין? זיי וועלן עס אָפּגעבן ביי סוף אורטייל. אין לאַגער, ווייס אָבער קיינער נישט, ווען דער סוף אורטייל וועט זיין. זיי זוכן אויך, צי עס האָט נישט ווער באַהאַלטן

אַ בריוו און קלערט אים אַרויסשיקן דורך אַ פרייען. ווען זיי זאָלן אויף אַן אמת קאָנטראָלירן, וואָלט עס פאַרנומען ביז מיטאָג־צייט.

לייטענאַנט וואָלקאָוואָי האָט אָבער פאַראָרדנט: זוכן! די אויפזעער האָבן אויסגעטאָן די הענטשקעס, באַפוילן עפענען די פאַלעס פון די פופייקעס (יעדער האָט דאָרט געהאַט באַהאַלטן אַ ביסל וואַרעמקייט) און אויפקנעפּלען די העמדער. ס׳איז דערלויבט נאָר צוויי — איין אונטערהעמד און איין איבערהעמד. דאָס איבעריקע — גלייך אויסטאָן! די אַרעסטאַנטן האָבן איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן וואָלקאָוואָיס באַפעל. די בריגאַדעס וואָס זענען שוין אַדורך, געפינען זיך אויף יענער זייט טויער, האָבן געהאַט מזל.

די וועלכע דער באַפעל פון וואָלקאָוואָי האָט נאָך פאַרכאַפּט אויפן פּלאַץ וועלן מוזן גלייך אויפן אָרט, נישט געקוקט אויפן פראָסט, אויסטאָן פון זיך דאָס וואָס ס׳איז נישט דערלויבט!

אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן. אָבער גלייך איז עפּעס קאַליע געוואָרן. פון נעבן טויער האָבן די קאָנוואָיענטן געליאַרעמט: דאַוואַי דערלאַנג! וואָלקאָוואָי האָט געביטן דעם כעס אויף „לייטזעליקייט״: — פאַרשרייבט ווער ס׳האָט איבעריקס, זאָלן זיי עס אויף דער נאַכט אַוועקטראָגן אין מאַגאַזין אַריין; און אָנשרייבן אַ פאַרענטפערונג!

שוכאָוו האָט אויף זיך בלויז לאַגער־זאַכן, דאָס וואָס ס׳איז דערלויבט, נאַ, טאַפּ — לייב און נשמה! ביי צעזאַרן האָט זיך געפונען איבעריקס אַ פלאַנעלן לייבל, ביי בוינאָווסקי — אַ וואַרעם וועסטל און אַ באַנדאַזש אויפן בויך. בוינאָווסקי איז אין לאַגער ערשט דריי חדשים, נאָך ווייניק געלערנט, דעריבער שרייט ער בקול רם:

— איר האָט נישט קיין רעכט אויסצוטאָן אויפן פראָסט! איר קאָנט נישט דעם ניינטן פאַראַגראַף פון שטראָף־קאָדעקס!

זיי האָבן דעם קאָדעקס און קאָנען זיכער זיינע פאַראַגראַפן, דאָס קאָנסט דו אים נישט, ברודערקע בוינאָווסקי.

— איר זענט נישט קיין סאָוויעטישע מענטשן — האָט דער קאַפּיטאַן ווייטער געשריגן — איר זענט נישט קיין קאָמוניסטן!

אַזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען אַ רייד וועגן שטראָף־קאָדעקס האָט

וואָלקאָוואָי אויסגעהאַלטן. ווי אָבער ס׳איז דערמאָנט געוואָרן דאָס וואָרט „קאָמוניסטן”, האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן:

— צען מעת לעת שטרענגן קאַרצער! — און שטילערהייט צום סערזשאַנט: — וועסט מיט אים דערליידיקן אויף דער נאַכט.

זיי האָבן נישט ליב אַוועקזעצן אין דער פרי — עס ווערט פאַרפאַלן אַן אַרבעטס־טאָג; זאָל ער בייטאָג געבן אַ פּלייצע און אויף דער נאַכט וועט ער זיך אָפּרוען אין קאַרצער...

דער קאַרצער געפינט זיך נעבן אַפּעל־פּלאַץ. ער איז אַ געמויערטער, האָט צוויי פליגלען. דער צווייטער פליגל איז צוגעבויט געוואָרן ערשט אָסיען־צייט. איינער איז, ווייזט אויס, צו ווייניק געווען. די לאַגער־טורמע האָט 18 צעלעס, טייל זענען איבערגעצוימט אויף איינצל־קאַמערן. אַלע לאַגער־געביידעס זענען הילצערנע, אַחוץ דער טורמע.

די דורכנעמענדיקע קעלט איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן העמד. פון דאָרט איז זי שוין שווער צו פאַרטרייבן. עס איז אַוועק פאַרן טייוול דאָס גאַנצע איינוויקלען זיך אין שמאַטעס. שוכאָוו וויל איצט נישט מער ווי אַוועקלייגן זיך אין אַ שפּיטאָל־בעט און איינשלאָפן. נאָך איין קלייניקייט וויל ער: אַ ביסל אַ שווערערע קאָלדרע, דאָס איז אַלץ.

די 104־טע שטייט פאַרן טויער. יעדער באַמיט זיך פאַרקנעפּלען, פאַרבינדן וואָס עס לאָזט זיך נאָר. די קאָנוואָיענטן טרייבן אונטער:

— דאַוואַי! דאַוואַי!

איינער פון די אַרבעטס־אויפזעער שטופּט אין די פּלייצעס:

— דאַוואַי! דאַוואַי! דערלאַנג!

אָט איז איין טויער... די פאַרזאָנע. דאָס צווייטע טויער. פאַרצוימונגען, וועכטער פון ביידע זייטן.

— שטיי! — שרייט אַ וועכטער — אַ סטאַדע שעפּסן! אויסשטעלן זיך צו פינף!

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. דאָס פייער נעבן די וועכטער האָט זיך פאַמעלעך פאַרלאָשן. פאַרן אַרויספירן די אַרעסטאַנטן לייגן די וועכטער פאַנאַנדער פייער. ס׳איז וואַרעם און מ׳זעט בעסער.

איינער ציילט אויפן קול:

— די ערשטע! צווייטע! דריטע!

ווי רינגען פון אַ קייט האָבן פון בריגאַדע זיך אָפּגעטיילט די פינפטלעך. מען זעט זיי גוט: פון פאָרנט, פון הינטן; פינף קעפּ, פינף פּלייצעס, צען פיס...

ביי דער צווייטער פאַרצוימונג שטייט אויף אַ וועכטער און ציילט שטיל.

נעבן אים שטייט אַ לייטענאַנט און קוקט נאָר. ער איז פון דער לאַגער־קאָמענדאַנטור.

אַ מענטש אין לאַגער איז טייערער פון גאָלד. זאָל נאָר פעלן איינער דאָן פאַרלייג מיט דעם אייגענעם קאָפּ.

די בריגאַדע האָט זיך ווידער צונויפגעגאָסן. דעם חשבון פירט אַ סערזשאַנט:

— די ערשטע! צווייטע! דריטע!

ווידער טיילן זיך אָפּ פון דער בריגאַדע פינפטלעך ווי רינגען פון אַ קייט.

מען ציילט נאָכאַמאָל. איצט טוט עס דער געהילף פון וואַך־נאַטשאַלניק.

קיין טעות טאָר נישט זיין. פאַר אַן איבעריקן קאָפּ פאַרלייגט מען אויך דעם אייגענעם.

אויף טריט און שריט קאָנוואָיענטן. זיי האָבן אַרומגערינגלט די בריגאַדע אין אַ האַלב־קרייז; האַלטן די אויטאָמאַטן געצילט אין די פנימער פון די אַרעסטאַנטן. ווייטער גייען קאָנוואָיענטן מיט גרויע וואָלף־הינט. איין הונט שטשירעט די ציין ווי ער וואָלט געלאַכט פון די אַרעסטאַנטן. מעריסטנטייל קאָנוואָיענטן זענען אָנגעטאָן אין קורצע פעלצן. בלויז זעקס טראָגן לאַנגע טולופּן. מיט די טולופּן בייטן זיי זיך — ווער עס שטייט אויפן וואַך־טורעם דער טוט אים אָן.

אַלע בריגאַדעס ווערן צונויפגענומען אין איין קאָלאָנע. ס'הייבט זיך ווידער אָן דאָס ציילן...

— פאַרטאָג איז דער פראָסט צום שטאַרקסטן — דערקלערט בוינאָווסקי

— דאָס איז דער לעצטער פּונקט פון וואָרעמקייטס־פּאַרלוסט דורך אויסשטראַלונג.

דער געוועזענער קאַפּיטאַן האָט ליב פיל זאַכן פּאַרטייטשן. ער קאָן אויסרעכענען גענוי אויף אַ גאַנץ יאָר, און מער, יעדן מולד, ווען די לבנה וועט זיין במלואה.

ער צאַנקט דער קאַפּיטאַן, מ׳זעט ווי ער גייט אויס. דעם מוט האָט ער אָבער נישט פּאַרלוירן.

אַ פּראָסטיקער ווינט שניידט אומברחמנותדיק. שוכאָוו האָט אָבער פריער ווען דעם געזאָרגט און פאַרבונדן דאָס פּנים מיט אַ שמאַטע; ער האָט עס אַזוי אַרומגעוויקלט אַז נאָר די אויגן זעען זיך אַרויס.

ווי אַלע אַנדערע זעקעס האָט ער שטענדיק גרייט אַ שטיקל שטאָף, מיט צוגענייטע צוויי בענדלעך. נאָכן פאַרוויקלען דאָס פּנים פאַרלייגט מען די בענדלעך איבער די אויערן און מען פאַרבינדט זיי פון הינטן, אויפן נאַקן. נאָך דעם אַלעם האָט ער אַראָפּגעלאָזן די לאַפּאַנעס פון הוט, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער און גוט אַרומגעגאַרטלט זיך מיטן שטריק.

הענטשקעס האָט שוכאָוו דינע, די הענט פרירן אין זיי: מ׳קאָן זיי אַביסל אָנוואָרעמען פּאַטשנדיק איינע אין דער צווייטער. מען מוז אָבער צוזיילן איידער ס׳וועט קומען דער באַפעל פאַרלייגן די הענט אויפן רוקן. מיט אַזוי פאַרלייגטע הענט וועלן זיי גיין דעם גאַנצן וועג...

דער נאַטשלניק פון קאַראַול האָט ווי שטענדיק געגומען לייענען די פרימאָרגן־„תפילה״:

אַכטונג אַרעסטירטע! ביים מאַרש מוז אָפּגעהיטן ווערן שטרענגע אָרדענונג פון קאָלאָנע! נישט צעציען זיך, נישט לויפן פאָראויס, נישט איבערגיין פון איין פינפטל אין צווייטן, נישט ריידן, נישט קוקן אין אַ זייט, די הענט — האַלטן פון הינטן! אַ טריט אויף רעכטס פון קאָלאָנע, אָדער אַ טריט אויף לינקס ווערט גערעכנט פאַר אַ פרווו צו אַנטלויפן. די וואַך עפנט פייער אָן שום וואָרענונג! ערשטע ריי פאָראויס מאַרש!

די קאָנוואָיענטן אין שפּיץ קאָלאָנע האָבן געריירט פון אָרט. נאָך זיי האָט זיך אַ וויג געטאָן די אַרעסטאַנטן־מאַסע און צוזאַמען מיט איר די קאָנוואָיענטן פון ביידע זייטן. זיי גייען אָפּגערוקט פון קאָלאָנע אַ טריט

צוואַנציק, איינער אונטערן צווייטן אויף אַ מרחק פון צען טריט, מיט אויטאָמאַטן גרייטע צו שיסן.

אַ וואָך צייט ווי ס'איז קיין פרישער שניי נישט געפאַלן. דער וועג איז גוט אויסגעטרעטן.

די קאָלאָנע האָט געמיטן דעם לאַגער. איצט בלאָזט דער ווינט פון אַ זייט. די הענט פאַרלייגט אויף די רוקנס, די קעפּ אַראָפּגעלאָזן גייען די אַרעסטאַנטן ווי אויף אַ לוויה. יעדער זעט פאַר זיך צוויי דריי פאָר פיס, און אַ שטיקל וועג, אויף שטעלן אַ טריט.

פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס קול פון אַ קאָנוואָיענט: „יו — אַכטאונפערציק, די הענט אַרונטער!"; „בע—פינפהונדערטצוויי, נישט געשלעפּט זיך!". צו ביסלעך ווערן זיי אויך מיד און הערן אויף שרייען. דער ווינט שמייסט אין זייערע פּנימער, זיי קאָנען די אויגן נישט עפענען, פאַרבינדן דאָס פּנים איז זיי פאַרבאָטן. אויך אַ היגטישע סלוזשבע...

ווען ס'איז וואַרעמער רעדט מען צווישן זיך — עס העלפן נישט קיין דראָונגען. היינט דאַרפן זיי נישט דראָען, קיינער רעדט נישט, יעדער גייט איינגעבויגן, באַהאַלטן הינטער פּלייצע פון אַ צווייטן, פאַרטיפט אין אייגענע געדאַנקען.

דער אַרעסטאַנטסקע געדאַנק קערט זיך כמעט שטענדיק אום צום זעלביקן, ער זוכט און נישטערט: צי וועלן זיי געפינען דאָס באַהאַלטענע, אין מאַטראַץ, שטיקל ברויט? צי וועט די סאַנטשאַסט הייבט אָוונט געבן אַ באַפרייונג? צי וועלן זיי זיך נוקם זיין אינעם קאַפּיטאַן? ווי אַזוי האָט צעזאַר זיך באַזאָרגט מיט וואַרעמע וועש? מסתמא אונטערגעשמירט אין מלבושים-מאַגאַזין?

שוכאָוו פילט דעם הונגער מער ווי שטענדיק. דאָס אָנבייסן האָט ער היינט געגעסן אַ קאַלטס, דערצו אָן ברויט... כדי דער בויך זאָל נישט מאָנען, נישט דערמאָנען אַז ער איז הונגעריק, מוז מען קלערן וועגן בריוו וועלכן ער דאַרף אין קורצן שרייבן אַהיים.

די קאָלאָנע האָט דערווייל געמיטן די סטאָליער-וואַרשטאַטן, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך אַרעסטאַנטן, פאַרבייגעגאַנגען נעבן נייעם וווינונגס-קוואַרטאַל (אויך געבויט דורך אַרעסטאַנטן, אָבער פרייע

וווינען אין אים) און נעבן נייעם קלוב. דער קלוב איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן דורך אַרעסטאַנטסקע הענט; אָבער אין קינאָ וואָס געפינט זיך דאָרט גייען בלויז פרייע.

נאָכן קלוב האָט זיך אָנגעהויבן דער סטעפּ.

די זון איז אויפגעגאַנגען אַ רויטע.

ווי ווייט דאָס אויג גרייכט זעט מען נאָר שניי. קיין ביימעלע, קיין קוסט.

עס גייט אַ יאָר, אַ ניי יאָר, דאָס איין און פופציקסטע. אין דאָזיקן יאָר האָט שוכאָוו רעכט אַרויסצושיקן צוויי בריוו. דעם לעצטן בריוו האָט ער געשריבן אין יולי, דער ענטפער איז אָנגעקומען אין אָקטאָבער.

אין אוסט־איזשמע איז געווען אַנדערש: שרייב כאָטש יעדן חודש. נאָר וועגן וואָס? ער האָט דאָרט אויך נישט געשריבן מער ווי צוויי בריוו אַ יאָר.

זיין היים האָט שוכאָוו פאַרלאָזט דעם דריי און צוואַנציקסטן יוני טויזנט ניין הונדערט איין און פערציק. זונטיק נאָכמיטאָג זענען די דאָרפסלייט געקומען אַהיים פון קירך אין פּאָלאָמניע און געבראַכט מיט זיך די בשורה: מלחמה! דאָרט איז וועגן דעם געוויר געוואָרן די פּאָסט. ביי זיי אין טיאָמגניעוו האָט ביז דער מלחמה קיינער קיין ראַדיאָ נישט געהאַט. איצט איז אין יעדער שטוב אַ הילכער. ער דולט אַ קאָפּ.

שרייבן בריוו אַהיים איז פּונקט ווי וואַרפן אַ שטיין אין אַ טיפן תהום אַריין. אפילו קיין ריכטיקער עכאָ דערגייט נישט צוריק. וועגן וואָס שרייבן אַז דיין בריגאַדיר הייסט אַנדריי פּראָקאָפּעוויטש טיורין? איצט האָט ער מיט קולגאַסן, דעם לעט, מער געמיינזאַמעס ווי מיט דער אייגענער משפּחה.

פון דער היים, שרייבן זיי אויך נישט מער ווי צוויי מאָל אַ יאָר. עס איז שווין שווער צו פאַרשטיין אַ בריוו פון דער פרוי. וואָס קאָן קאָן זי מיטטיילן, אַז דער פּרעדסעדאַטיעל פון קאָלכאָז איז אַ נייער. וואָס נאָך? אַז דער קאָלכאָז זייערער האָט זיך פאַראייניקט מיט אַ צווייטן, גרעסער געוואָרן? דאָס איז אויך שוין אַן אַלט ליד: צוערשט פאַראייניקט מען, דערנאָך צעטיילט מען זיך! עס קומט אַמאָל אַ נייעס: ווער ס'האָט

נישט אויסגעאַרבעט די נאָרמע אין קאָלכאָז ווערט ביי אים צוגענומען אַ שטיק ערד פון אינדיווידועלן גאָרטן, ביי מאַנכע איז שוין אַרומגעשניטן ביז צו דער סאַמע כאַטע.

איין זאַך לייגט זיך נישט אויפן שכל: די פרוי שרייבט אים אַז נאָך דער מלחמה איז אין קאָלכאָז נישט צוגעקומען קיין לעבעדיקער נפש. די יונגען און מיידן כיטרעווען יעדער אויף זיין שטייגער ווי אַזוי אַוועקצוגיין אין שטאָט אַריין. זאָל עס זיין אין אַ פאַבריק, אויף טאָרף גראָבן, אַבי אין שטאָט אַריין. אַ העלפט מענער איז נישט צוריקגעקומען פון מלחמה. די וואָס זענען יאָ געקומען האַלטן נישט פון קאָלכאָז; וווינען אין קאָלכאָז, אָבער אַרבעט זוכן זיי אין דרויסן. די איינציקע מענער אין קאָלכאָז זענען: דער בריגאַדיר זאַכאַר וואַסיליטש און דער פּיראַונאַכציק יאָריקער טעסליער טיכאָן. ערשט נישט לאַנג האָט ער חתונה געהאַט און ס'זענען ביי אים אויך קינדערלעך געבוירן געוואָרן. דעם גאַנצן עול פון דער קאָלכאָזנע ווירטשאַפט טראָגן אויס אויף זייערע בידנע פּלייצעס דאָס ביסל פרויען, אַזוי ווי אין 1930, גאָרנישט אַנדערש.

שוכאָוו קאָן אין קיין פאַל נישט פאַרשטיין: וואָס הייסט וווינען אין קאָלכאָז און אַרבעטן אין דרויסן? ער האָט אין זיין לעבן פאַרשידנס געזען: אינדיווידועלע ווירטשאַפטן, קאָלכאָזנע, אָבער אַז אַ פויער זאָל נישט אַרבעטן אין זיין דאָרף, מיט דעם קאָן ער נישט מסכים זיין.

ווי אַזוי זעט אויס ביי הייזשניט?

די פרוי שרייבט אַז דאָס איז נישט קיין נייע פאָרם פון סעזאָן־אַרבעטער, קיינער גייט נישט טעסליווען (וויפל גוטע טעסליערס איז אַמאָל געווען אין זייער דאָרף), אויך נישט פלעכטן קוישן. מען דאַרף שוין גאָרנישט אַזעלכע בעלי מלאכות; עס איז אויפגעקומען אַ נייע פאַך, אַ פריילעכע אַרבעט — מען מאַכט טעפּיכער. אימיצער איז געקומען פון דער מלחמה און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ שאַבלאָן צו מאָלן טעפּיכער. אַזוי איז אַוועק אַ נייע מלאכה. וואָס אַ מאָל מערט זיך דער מין קינסטלער־מאַליאַרעס. קיין שטענדיקע אַרבעט האָבן זיי נישט. איין חודש אין יאָר העלפן זיי דעם קאָלכאָז: אַ ביסל ביי הייזשניט און דערנאָך ביי תבואה. אויף די

איבעריקע עלף חדשים גיט זיי דער קאָלכאָז אַ פּאַפּירל אַז אַזאַ און אַזאַ ווערט פריי געלאָזן און איז דעם קאָלכאָז גאָרנישט שולדיק.

זיי פאָרן איבערן לאַנד, פליען מיט עראָפּלאַנען — די צייט איז זיי טייער! — און שאַרן אין די קעשענעס טויזנטער רובלעס. אָנגעפּאַטשקעט אַ טעפּיך — פופציק רובל! מען מאָלט אויף וואָס עס לאָזט זיך, אויף אַלטע ליילעכער און נאָך אַזעלכעס. אַ שעה צייט און אַ טעפּיך איז פאַרטיק.

די פרוי זיינע טרוימט אַז איר איוואַן וועט אַהיימקומען און אויך נעמען זיך פאַר דער גאָלדענער מלאכה. עס וועט זיך ענדיקן זייער אָרעמקייט, די קינדער וועלן אַוועק לערנען אין אַ טעכניקום, אויפן אָרט פון דער אַלטער, אונטערגעפוילטער כאַטע וועלן זיי אויפשטעלן אַ נייע. אַלע מאַליאַרעס שטעלן זיך נייע הייזער. אַ כאַטע נעבן באַן וואָס האָט אַמאָל געקאָסט פינף טויזנט קאָסט שוין איצט פינף און צוואַנציק. ער האָט איר געענטפערט, דער פרוי זייגער, אַז ס'וועט אים שווער זיין ווערן אַ מאַליאַר, פון קינדווייז האָט ער נישט געהאַט קיין פעיקייטן צו מאָלן. און דאָך געפרעגט איר וועגן די טעפּיכער, וועלכע זענען זיי, וואָס איז אויף זיי אויפגעמאָלן? האָט זי געענטפערט אַז אפילו אַן אידיאָט קאָן עס מאַכן; לייגסט אַוועק דעם שאַבלאָן אויפן ליילעך, ציטט מיטן פּענדזל אַזוי לאַנג ביז אַלע לעכער ווערן פאַרשמירט. דריי סאָרטן זענען פאַראַן: איינער אַ „טראָיקע" אין אַ שיינעם געשפּאַן מיט אַ הוזאַרן־אָפיציר; דער צווייטער שטעלט פאָר אַ הירש, דער דריטער איז אַן אימיטאַציע פון אַ פּערסישן טעפּיך. קיין אַנדערע אוזאָרן זענען נישטאָ. אויך פאַר אַזעלכע דאַנקט מען, די סחורה ווערט ממש אַרויסגעריסן פון די הענט. פאַרוואָס? ווייל אַן אמתער טעפּיך קאָסט נישט פופציק. נאָר גאַנצע טויזנט רובל.

שוכאָוו וואָלט גערן געכאַפּט אַ בליק אויף אַזאַ מין טעפּיך...

פאַר דער צייט וואָס ער געפינט זיך אין די תפיסות, אין די לאַגערן, האָט איוואַן דעניסאָוויטש אָפּגעוואוינט זיך פון טראַכטן וואָס וועט זיין מאָרגן, וואָס איבער אַ יאָר, ווי אַזוי דורכקאָרמען די משפּחה. עס טראַכט פאַר אים נאַטשאַלסטוואָ, מעגלעך אַז אַזוי איז גרינגער. ער וועט נאָך דאָ

זיצן אַ ווינטער, דערנאָך אַ זומער, נאָך אַ ווינטער און ווידער אַ זומער. דערווייל לאָזן אים נישט צו רו די טעפּיכער...

ווייזט אויס אַז די טעפּיכער זענען אַ גרינגע פּרנסה. עס וואָלט נישט שיין געווען בלייבן הינטערשטעליק לגבי לאַנדסלייט... אמת געזאָגט האָט ער נישט קיין השק צו דעם. דערצו דאַרף מען זיין אַ ביסל הפקר, אומפאַרשעמט, קאָנען געבן אין יד אַריין. שוכאָוו גייט אָבער אַזוי מיט זיין שווערן טריט שוין גאַנצע 40 יאָר איבער גאָטס ערד. שוין אַ העלפט ציין אַרויסגעפאַלן, די האָר פון קאָפּ פאַרלוירן, און ביז איצט קיינעם נישט אונטערגעשמירט, ביי קיינעם גאָרנישט גענומען. אפילו אין לאַגער האָט ער זיך די זאַכן נישט אויסגעלערנט.

לייכט פאַרדינט געלט האָט נישט קיין וואָג, פילסט עס נישט. ריכטיק זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרט: פאַר דעם וואָס דו וועסט נישט באַצאָלן דאָס וועסטו נישט דערטראָגן. ער האָט נאָך געזונטע הענט, שוכאָוו, זיי טויגן נאָך צו עפּעס! צי וועט ער טאַקע, ווען ער וועט זיין אויף דער פריי, נישט קאָנען שטעלן אויוונס, טאָן סטאָליער־אַרבעט, זיין אַ בלעכער?

דער טשוואָק איז אָבער דערין וואָס נאָכן לאַגער וועט ער נישט האָבן קיין בירגער־רעכט, מ׳וועט אים אין ערגעץ נישט וועלן נעמען צו אַרבעט, קאָן טאַקע בלייבן נישט מער ווי מאָלן טעפּיכער...

אין צווישנצייט איז די קאָלאָנע דערגאַנגען ביזן בויפּלאַץ און זיך פאַרהאַלטן פאַרן וואַכפּאָסטן. פאַר דעם זענען אָנגעקומען אַהער באַוואָפנטע וועכטער, אין שובעס, און פאַרנומען ערטער אין די וייט־אַרויסגערוקטע וואַכטורעמס. ביז אַלע וואַכטורעמס וועלן נישט באַזעצט ווערן, וועט די קאָלאָנע נישט אַריינגעלאָזן ווערן אויפן בויפּלאַץ.

מיט אַן אויטאָמאַט אויפן אַקסל איז אַריין אין וואַכפּאָסטן דער נאַטשאַלניק פון קאַראַול. איין וועכטער געפינט זיך דאָרט תמיד כדי הייצן דעם אויוון און אַכטונג טאָן אַז מ׳זאָל נישט גנבענען ברעטער און צעמענט.

פון יענער זייט בויפּלאַץ, פון הינטער דעם טויער און די שטעכלדראָט־פאַרצוימונגען, איז אויפגעגאַנגען אין נעפּל אַ גרויסע רויטע זון. אַליאָשקאַ שטייט לעבן שוכאָוון, קוקט אַ צופרידענער אויף דער זון און קוועלט... די

באַקן זײַנע זענען אײַנגעפאַלן: ער איז תמיד אַ הונגעריקער, און דאָך אויפגעהאַלטן די פעיקייט צו פרייען זיך. יעדן זונטיק פאַרזאַמלען זיי זיך, די באַפּטיסטן פון לאַגער, און שעפטשען צוזאַמען תפילות. דאָס לאַגער־לעבן דערגייט נישט צו זייערע נשמות, עס רינט אַראָפּ פון זיי ווי וואַסער פון אַ גאַנדז.

דאָס שטיקל שטאָף אויף שוכאָווס פּנים איז בעתן מאַרש, פון אָטעמען, נאַס געוואָרן. איצט ווערט עס פאַרשטאַרט פון פראָסט. שוכאָוו האָט עס אַראָפּגעצויגן פון פּנים און אויסגעדרייט זיך צום ווינט מיט דער פּלייצע. מ׳קאָן נישט זאָגן אַז די קעלט זאָל אים האָבן דורכגענומען, נישט מער ווי די הענט זענען געפרוירן געוואָרן און עטלעכע פינגער פון לינקן פוס ווי אָפּגעשטאָרבן. דער לינקער וואַלעק איז צו גאָרנישט, שוין דרײַ מאָל אַן אונטערגענייטער.

עס ברעכט אין רוקן, אין די פּלייצעס, אַלץ טוט וויי — ווי אַזוי אַרבעט מען?

שוכאָוו האָט זיך אומגעקוקט און געטראָפן אויפן בליק פון זײַן בריגאַדיר וועלכער איז געגאַנגען אין לעצטן פינפטל. אַ ברייטפּלייציקער מיט אַ געשטעל, איז ער איצט אַן אָנגעכמורעטער. ער איז דער וואָס זאָרגט אַז די בריגאַדע זאָל האָבן וואָס צו עסן, אַז דער פּאַיאָק זאָל פאַרגרעסערט ווערן. וואָס שייך אַרבעט, וועט ער אָבער אַרויסקוועטשן וואָס עס לאָזט זיך נאָר. ער זיצט שוין דעם צווייטן אורטייל און קאָן דאָס לאַגער־לעבן מיט אַלע זײַנע געזעצן. אין לאַגער איז פיל געוואָנדן אין בריגאַדיר: אַ גוטער בריגאַדיר קען פאַרלייכטערן דאָס לעבן, אַ שלעכטער — קען דיך פאַרטרייבן אין קבר אַרײַן.

שוכאָוו קאָן זײַן בריגאַדיר, אַנדריי פּראָקאָפּעוויטש, נאָך פון אוסט־איזשמע. דאָרטן איז ער אָבער נישט געווען אין זײַן בריגאַדע. ערשט ווען די פאַראורטיילטע לויטן אַכט און פופציקסטן פאַראַגראַף זענען אַריבער־געפירט געוואָרן פון אַלגעמיינעם לאַגער אין שטראָף־לאַגער אַרײַן, האָט אים טיורין גענומען צו זיך אין בריגאַדע.

מיטן נאַטשאַלניק פון לאַגער, מיט דער פּעפּעטשע, מיט די אַרבעטס־אויפזעער, מיט די אינזשיניערן, האָט שוכאָוו נישט קיין שום מגע ומשא,

דאָס איז די זאַך פון בריגאַדיר. ער איז שטאָל און אייזן, דער בריגאַדיר, דערפאַר אָבער ווען ער גיט נאָר אַ ציטער מיט אַ ברעם אָדער אַ ריר מיט אַ פינגער שטיי נישט נאָר לויף! וועמען דו ווילסט נאַר אָפּ, אָבער נישט אים, אַנדריי פּראָקאָפּעוויטשן. וועסט טאָן וועסטו איבערלעבן.

ער וואָלט גערן געפרעגט ביים בריגאַדיר צי מ'בלייבט היינט אויפן זעלבן פּלאַץ וואָס נעכטן אָדער מ'גייט איבער אויף אַן אַנדערער אַרבעט. ער קאָן זיך אָבער נישט אַנטוואַגן, עס פעלט אים דרייסטקייט איבערצו־שלאָגן יענעמס טיפע מחשבות: ערשט פּטור געוואָרן פון דער פּרשה סאָצגאָראָדאָק און שוין מוז ער קלערן וועגן די נאָרמעס פון וואָס ס'איז אָפּהענגיק דער פּאַיאָק אויף די נאָענטסטע פינף טעג.

ער איז אַ געשטופּלטער, דער בריגאַדיר. דאָס איז ביי אים געבליבן נאָך פּאָקן. ער שטייט קעגן ווינט ווי קיינמאָל גאָרנישט: די הויט אויף זיין פּנים גיט צומאָל קיין ציטער, זי איז ווי פון דעמבענער קאָרע.

די אַרעסטאַנטן אין קאָלאָנע פּאַטשן דערווייל האַנט אין האַנט, שטעלן איבער איין פוס אויפן צווייטן. דער ווינט ווערט בייזער!

די וואַכטורעמס זענען שוין באַזעצט און דאָך לאָזן זיי נישט אַריין אויף דער זאָנע. דאָס פאַרדרייען זיי די אָפּגעטויטע אַרבעט.

ענדלעך דער קאַראַול־נאַטשאַלניק, צוזאַמען מיטן קאָנטראָלער, זענען אַרויס פון וואַכפּאָסטן און גענומען עפענעןביידע העלפטן טויער.

— אַ־ריינ־גיין! צו פינף! די ערשטע! צווייטע! — די אַרעסטאַנטן האָבן אַריינמאַרשירט, כמעט מיט פּאַראַדנעם טריט, אַבי וואָס גיכער אין זאָנע אַריין, דאָרטן דאַרף זיי קיינער נישט לערנען, יעדער ווייסט וואָס ער האָט צו טאָן.

גלייך הינטערן באַראַק, נעבן ביוראָ פון דער אַרבעטס־לייטונג, שטייט דער אויפזעער און פאַרהאַלט די בריגאַדירן. אין דער אמתן גייען זיי אַליין צו אים. צווישן זיי געפינט זיך איינער אַ געמיינער כלב.

דער זייגער איז אַכט, אפשר פינף מינוט נאָך אַכט. ערשט האָט די דאַמף־מאַשין געפייפט. נאַטשאַלסטוואָ זאָרגט ס'זאָל חס וחלילה נישט פאַרפאַלן ווערן קיין איין מינוט, די אַרעסטאַנטן זאָלן זיך נישט צעשיטן איבערן לאַגער, נישט אַריינכאַפּן אַביסל וואַרעמקייט. די ווידער געמען

זיך נישט איבער דערמיט, פאַרקערט, זיי האָבן איבערגענוג צייט, דער טאָג איז אַ גרויסער!

טיורין האָט באַפוילן דעם פאַרטרעטער זיינעם, פּאַוולאָ, גיין מיט אים אין ביוראָ. אויך צעזאַר איז אַוועק אַהין. ער איז אַ גביר, צעזאַר, באַקומט יעדן חודש צוויי פּאָסילקעס, ווען מ׳דאַרף גיט ער אין יד אַריין און אַזוי אַרום זיך אַריינגעדרייט אויף ביוראָ־אַרבעט.

די רעשט 104־טע בריגאַדע איז זיך צעשוווּמען, יעדער האָט געזוכט אַ שטיל ווינקל.

די איינגעהילטע אין נעפּל רויטע זון האָט צוביסלעך גענומען באַלייכטן די פּוסטע זאָנע. דאָ און דאָרט פון אונטערן שניי זעען זיך ברעטער, אַ פּאַרלאָזטער פונדאַמענט אויף וועלכן ס׳ווערט גאָרנישט געבויט, אַ טייל פון אַ צעבראָכענער גראָבמאַשין, אַ שויפל, אַלט־אייזן, פאַנגאַנדערגעגראָבענע ראָוועס כמעט טראַנשייען. די ווענט פון די אויטאָ־רעמאָנטנע וואַרשטאַטן זענען שוין הויך אַרויפגעצויגן, כמעט ביזן דאַך, אויך די געביידע פון „טעץ״ האַלט שוין ביים צווייטן שטאָק.

יעדער האָט דערווייל געפונען אַ שטיקל אָרט, צו באַהאַלטן זיך. בלויז די וועכטער שטייען פעסט אויף זייערע טורעמס. נעבן ביוראָ איז אַ ביסל טומלדיק. דאָס איז דער גוטער מאָמענט; דער אַרבעטס־אויפזעער האָט נאָך אָוונט־צייט געחשבונט און אַריינגעטראַכט ווי אַזוי צעטיילן די אַרבעט אויף היינט און נישט באַוויזן. פון אָוונט ביז איך דער פרי דרייט זיך ביי אַלץ איבער קאַפּויער.

דער מאָמענט איז אונדזערער! ביז נאַטשאַלטסוואָ וועט וויסן ווי זי האַלט אין דער וועלט דאַרף מען זיך דערווייל אָנוואַרעמען, נישט איילן זיך מיט געבן אַ פּלייצע. גוט ווען מ׳כאַפּט אַ שטיקל אָרט נעבן אַן אויוונדל ווו מ׳קאָן אַראָפּציען די וואַליקעס און אויסטרוקענען די אנוצעס. אַ גאַנצן טאָג וועט דערפון זיין וואַרעם אין די פיס. וועסט נישט געפינען אַן אָרט נעבן אויוון נעם אויך פאַר ליב — זינדיק נישט.

די הונדערטפערטע איז אַריינגעפירט געוואָרן אין די אויטאָ־וואַרשטאַטן, דאָרט ווו די אַכטאונדרייסיקסטע האָט געגאָסן בעטאָנענע פּליטן. די האַלעס דאָ זענען נאָך אָסיען־צייט פאַרגלאָזט געוואָרן.

פיל בעטאָנענע בלאָקן ליגן נאָך אין די פאָרמעס, אַנדערע שטייען. אַרום און אַרום איז פול מיט אַרמאַטור־אייזן. די האַלע איז אַ גרויסע, אַ הויכע, די פּאָדלאָגע אַן ערדענע אַן עדלאָגע אַזוי אַז ספּעציעל וואָרעם קאָן דאָ נישט זיין כאָטש די קוילן אין די אייוונדלעך לעשן זיך נישט אויס. נאָטשאַלסטוואָ זאָרגט זיך נישט אַזוי שטאַרק פאַר די מענטשן, דאָס ברענט מען אַז די פּליטן זאָלן גיכער פעסט ווערן.

פאַרשטייט זיך אַז די אַכטאונדרייסיקסטע פּילט זיך אין דער דאָזיקער האַלע מעשה באַלעבאָס, אירע מענטשן האָבן זיך צעזעצט נעבן די אייוונדלעך און טרוקענען דאָרט די אָנוצעס, אָבער אויך אונדזערע האָבן געפונען אַ ווינקל.

מיט די אויסגעריבענע פון היגנטן וואַטענע הויזן האָט זיך שוכאָוו אָוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון אַ פּליטע און די פּלייצע אָנגעלענט אין וואַנט. ווען ער האָט זיך אַ בויג געטאָן האָט ער אונטער דער פופייקע נעבן האַרץ דערפילט דאָס שטיקל ברויט וועלכעס ער האָט אין דער פרי דאָרט באַהאַלטן. ער פּלעגט שטענדיק טראָגן מיט זיך אָבער געהאַלטן אויף מיטאָג, נישט געקלערט דערוועגן, הייַנט נאָגט דערפון ביים האַרצן. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער האָט גאָרנישט אויפגעטאָן, גאָר־נישט אָפּגעשפּאָרט, ווייל ביז מיטאָג איז נאָך פינף שעה. און דאָס איז אַ גרויס שטיק צייט.

דער ווייטיק פון די קריזשעס און פון די פּלייצעס איז אים איבער־געגאַנגען אין די פיס אַריין. וואָלט ער כאָטש געקאָנט זיך צורוקן אַביסל נעענטער צום אייוונדל...

ער האָט אַוועקגעלייגט די הענטשקעס אויף די קני, אויפגעקנעפּלט זיך, פאַנאַנדערגעבונדן פון האַלדז דאָס שטיקל שמאַטע, עטלעכע מאָל עס איינגעבראָכן און באַהאַלטן אין קעשענע; ערשט דעמאָלט האָט ער דערלאַנגט פון אונטער דער פופייקע דאָס איינגעוויקלטע אין אַ ווייס שמאַטקעלע שטיקל ברויט און געהאַלטן אַזוי ס׳זאָל חלילה פון דאָרט קיין איין ברעקל נישט אַרויספאַלן. נאָך די אַלע הכנות האָט ער ערשט אָנגעהויבן בייסן צו שטיקלעך ברויט און קייען מיט גרויס הנאה...

אין לאַגער האָט זיך שוכאָוו מער ווי איין מאָל דערמאָנט ווי מ׳פלעגט

דאָס אַמאָל עסן אין דער היים, אין דאָרף: גאַנצע פּאַטעלניעס מיט קאַרטאָפל, פּולע טעפּ מיט קאַשע און גרויסע שטיקער פלייש. מילך האָט מען געגאָסן אין זיך אַז דער בויך האָט שיער נישט געפּלאַצט. ערשט אין לאַגער פאַרשטייט מען אַז מ׳האָט אַזוי נישט געדאַרפט עסן. מען דאַרף אַזוי עסן אַז דער געדאַנק זאָל געהערן צו זיך. איצט, ווען ער בייסט איין קליינטשיקע שטיקלעך ברויט, צעמאָלט זיי מיט דער צונג און זויגט דעם זאַפּט, פאַרמאָגט דאָס שטיקל נאַסע, שווארצע ברויט אַלע טעמען. וואָס אַזעלכעס משטיינסגעזאָגט עסט ער פאַר די אַכט אָדער ניין יאָר? קדחת. און דאָך לעבט ער, רירט זיך.

שוכאָוו איז אַלץ פאַרנומען מיט זיינע צוויי הונדערט גראַם ברויט, קייט פּאַמעלעך און טראַכט...

אויף אַ נידעריקער בעטאָנענער פּליטע זענען געזעסן צוויי עסטאָניער ווי צוויי לייבלעכע ברידער און לויט דער ריי, פון איין מונדשטיק געגרויכערט אַ האַלבן ציגאַרעט. ביידע זענען זיי געווען בלאָנדע, הויכע, דאַרע, מיט לאַנגע נעז און גרויסע אויגן. טאָג און נאַכט זענען זיי געווען צוזאַמען, פּונקט ווי איינער אָן צווייטן וואָלט נישט געקאָנט אָטעמען. דער בריגאַדיר האָט זיי קיינמאָל נישט צעשיידט. זיי האָבן זיך געטיילט מיטן ביסן, געשלאָפן צוזאַמען אויף איין וואַגאָנקע. בשכבם ובקומם, צי זיי זענען געשטאַנען אין קאָלאָנע אָדער געגרייט זיך צום שלאָפן, שטענדיק האָבן זיי געהאַט וועגן וואָס צו רעדן; גערעדט שטיל, נישט איילנדיק זיך. זיי זענען אפילו קיין ווייטע משפחה נישט געווען, גאַנץ פרעמדע זיך, ערשט דער לאַגער, די 104־טע בריגאַדע, האָט זיי צונויפגעפּאָרט. מ׳האָט דערציילט אַז איינער איז געווען אַ פישער, געוווינט ביים ים. דעם צווייטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, האָבן די עלטערן, נישט ווילנדיק לעבן ביי דער סאָוויעטן־מאַכט, אַרויסגעפירט קיין שוועדן. ווען ער איז אויס־געוואַקסן, אָנגעהויבן לעבן מיט אייגענעם שכל, האָט ער זיך מתחכם געווען צוריקצוקומען קיין עסטאָניע, שטודירן.

מ׳זאָגט אַז נאַציע האָט נישט קיין באַדייטונג, אַז אין יעדער נאַציע זענען פאַראַן גוטע און שלעכטע מענטשן. וואָס שייך עסטאָניער איז וויפל

שוכאָוו האָט זיי נישט געזען האָט ער אָבער קיין איין שלעכטן מענטש צווישן זיי נישט געטראָפן.

די 104־טע בריגאַדע איז נאָך אַלץ געזעסן, ווער אויף די בעטאָנענע פליטן, ווער אויף די פאָרמען און ווער פשוט אויף דער ערד. קיינער האָט נישט גערעדט. אין דער פרי וויל זיך די צונג נישט רירן, יעדער איז פאַרטיפט אין אייגענע געדאַנקען, שווייגט. פעטיוקאָוו, דער שאַקאַל, האָט אַנגעקליבן אַ גאַנצן הויפן מיט ציגאַרעטן־אָפּפאַל (ער קלייבט ווי עס לאָזט זיך נאָר) און צונויפגעשאָטן דעם איבערגעבליבענעם טיטון אויף איין פאַפּירל. אין דער היים, אויף דער פריי, האָט ער געלאָזן דריי קינדער, וואָס האָבן זיך פון אים אָפּגעזאָגט, און אַ פרוי וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ צווייטן, אַזוי אַז קיין הילף האָט ער נישט פון וואַנען צו וואַרטן.

בוינאָווסקי האָט קאָסיע אָנגעקוקט פעטיוקאָוון:

— פאַרוואָס קלויבסטו יעדע מין זאַראַזע? וועסט נאָך איינהאַנדלען אַ סיפיליס אויף די ליפּן! וואַרף אַוועק דאָס פאַסקודסטווע!

בוינאָווסקי, דער געוועזענער קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג, רעדט כמעט מיט יעדן אויף אַזאַ שטייגער. ער האָט זיך נאָך נישט אָפּגעווינט פון קאָמאַנדעווען.

פעטיוקאָוו איז אָבער מיט גאָרנישט אָפּהענגיק פון בוינאָווסקין, וועלכער באַקומט אויך נישט קיין פּאָסילקעס. ער ענטפערט אים מיט אַן איבלדיקן שמייכל:

— וואַרט אַ ביסל, קאַפּיטאַן, נאָך אַכט יאָר זיצן וועסטו אויך קלייבן די זאַראַזע. נישט ווייניקער שטאָלצע פון דיר זענען אין לאַגער אַריינגעקר־מען...

פעטיוקאָוו משפּט לויט זיך. ס'איז דאָך נישט אויסגעשלאָסן אַז דער קאַפּיטאַן וועט דווקא יאָ אויסהאַלטן...

— וועגן וואָס רעדט איר דאָרט? — האָט זיך אָפּגערופן דער טויבלעכער סעניאַ קלעוושין. ער האָט געמיינט אַז דער שמועס האָט אַ שייכות צו בוינאָווסקיס קאָנפליקט פון היינט פרי מיטן לייטענאַנט וואָלקאָוואָי — נישט געדאַרפט שטעלן זיך! ס'וואָלט אפשר אַדורך אָן גאָרנישט.

סעניאַ קלעוושין איז אַ שטילער מענטש, אַ שלים־שלימזלניק; נאָך

אין איינאונפערציקסטן האָט ביי אים אַן אויער געפּלאַצט, דערנאָך איז ער אַריינגעפאַלן אין פלען, אַנטלאָפן, געכאַפּט געוואָרן און פאַרשיקט קיין בוכענוואַלד. אין בוכענוואַלד האָט ער על פּי נס אויסגעמיטן דעם טויט און צוריק אַהיים געקומען. איצט זיצט ער שטילענקע, אָפּ, זיין אורטייל — וועסט זיך שטעלן — זאָגט ער — וועסטו פאַרפאַלן ווערן.

דאָס איז אמת: קרעכץ נאָר בייג זיך, וועסט זיך איינעקשנען, נישט וועלן בייגן זיך, וועט מען דיך צעברעכן.

אַלעקסיי זיצט, דאָס פּנים באַהאַלטן אין די הענט און שווייגט. ער איז מתפּלל.

שוכאָוו האָט דערוויל פאַרענדיקט עסן זיין האַלבן פּאַיאָק ברויט, אויפגעלעקט ביזן לעצטן ברעקעלע, האָט ער בלויז געלאָזן אַ שטיקל סקאָרינקע. מיט קיין שום לעפל קאָן מען אַזוי נישט אויסרייניקן די קאַשע פון טעלער ווי מיט אַ ברויט־סקאָרינקע. איינגעוויקלט די סקאָרינקע אין ווייסן שמאַטקעלע האָט ער זי צוריק אַריינגערוקט אין דער אינעווייניקסטער קעשענע פון פופייקע, פאַרקנעפּלט זיך און געווען אין גאַנצן גרייט גיין אַרבעטן. עס וואָלט אָבער בעסער זיין ווען עס זאָל נאָך אַ ביסל דויערן...

די אַכטאונדרייסיקסטע האָט זיך אויפגעהויבן. ווער ס'איז אַוועק צו די צעמענט־מישערס, ווער נאָך וואַסער און ווער גאָר צו דער אַרמאַטור.

די הונדערטפערטע איז נאָך אַלץ געזעסן. מ'האָט נישט געזען אַז ס'זאָל אָנקומען טיורין אָדער פּאַוולאָ. כאָטש זיי זענען געזעסן נישט מער ווי אַ מינוט צוואַנציק און דער אַרבעטסטאָג — דער ווינטערדיקער, אַביסל אַ קורצערער — ענדיקט זיך זעקס אַזייגער, האָט זיך אַלעמען אויסגעזען אַז ביז אָונט איז שוין נישט ווייט.

— עך, שוין לאַנג קיין בוראַן נישט געווען! — האָט טיף אָפּגעזיפצט דער לעט קילגאָס — פאַרן גאַנצן ווינטער קיין איין בוראַן נישט געהאַט! וואָס איז דאָס פאַר אַ ווינטער?

— יאָ... בוראַנען... בוראַנען... האָט אונטערגעזיפצט די בריגאַדע.

אַז ס'הייבט אָן בלאָזן אַ בוראַן איז נישט נאָר וואָס מ'גייט נישט צו דער אַרבעט, זיי האָבן אפילו מורא פון באַראַק אַרויסצופירן. אויב מען

ציט נישט אַדורך אַ שטריק פון באַראַק ביז סטאָלאָווע קאָן מען זיכער פאַרבלאָנדזשען. ווערט בעת מעשה אַן אַרעסטאַנט פאַרפרוירן איז כאַפּט אים דער רוח, ווי אָבער אַז ער וועט אַנטלויפן? שוין געווען אַזעלכע פאַלן. בשעת אַ בוראַן איז דער שניי אַ דריבנער, אָבער ער לייגט זיך אין פעסטע בערגלעך ווי ס׳וואָלט אים ווער געפּרעסט. איבער אַזעלכע שניי־בערג זענען שוין מענטשן אַנטלאָפן. אמת, נישט ווייט.

פאַקטיש איז פון די בוראַנען קיין שום נוצן נישטאָ: די זעקעס זיצן פאַרשלאָסן אין די באַראַקן; קוילן ברענגט מען נישט צו דער צייט, דאָס ביסל וואַרעמקייט פון באַראַק בלאָזט אַרויס; קיין מעל פירט מען נישט צו, איז קיין ברויט נישטאָ; און קיך גיבן זיי זיך נישט קיין עצה. וויפל דער בוראַן זאָל נישט דויערן — דריי טעג, אפילו אַ גאַנצע וואָך — וועלן זיי שפּעטער אַראָפּרעכנען די צייט, און טרייבן צו דער אַרבעט אין פרייע טעג, אין די זונטיקס.

דאָך האָבן די אַרעסטאַנטן ליב דעם בוראַן, זיי בעטן גאָט אויף אים. ווי עס גיט נאָר אַ בלאָז אַ ווינט אַזוי ווענדן זיך אַלע אויגן צום הימל: איצט גיב אַ ביסעלע סחורה! אַ ביסל סחורה!

דאָס מיינט מען שניי.

פון שניי וואָס ליגט שוין, זאָל ער אפילו זיין אַ דריבנער און אַ טרוקענער, וועט דער ווינט קיין אמתן בוראַן נישט מאַכן, דער שניי מוז פאַלן, ערשט דאַן קאָן זיך צעשפּילן אַ בוראַן.

אימיצער איז אַוועק וואַרעמען זיך ביי די אייוונדלעך פון ד'ער 38־טער. מ׳האָט אים אָבער פאַרטריבן.

אין זאַל איז אַריין טיורין. זיין פנים איז געווען אָנגעכמורעט. יעדער האָט פאַרשטאַנען אַז מען דאַרף זיך נעמען צו עפּעס און דאָס ווי צום שנעלסטן.

— יאָ, — האָט זיך טיורין אומגעקוקט, — אַלע זענען דאָ, די גאַנצע הונדערטפּערטע?

נישט ציילנדיק די מענטשן זיינע, (ביי טיורינען איז קיינער קיין מאָל נישט אַוועקגעגאַנגען), האָט ער גיך גענומען איינטיילן די אַרבעט:ביידע עסטאָניער, קלעווושינען און גאָפּטשיקן האָט ער געהייסן נעמען אַ גרויסן

מולטער אויף מישן צעמענט און אַוועקטראָגן אים אין „טעך". פון דעם איז געדרונגען אַז די בריגאַדע גייט היינט אַרבעטן צו דער נישט פאַרענדיקטער אָסיען־צייט עלעקטראָווניע. צוויי אַנדערע מענטשן האָט ער געשיקט אין דער אינסטרומענטן־אָפּטיילונג, ווו פּאַוולאָ האָט גענומען די געהעריקע אַרבעטס־כלים. נאָך פיר אַנדערע האָט ער באַפוילן רייניקן דעם שניי נעבן געביידע, הויפּטזעכלעך ביים אַריינגאַנג אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג. צוויי געשיקט הייצן דעם אויוון, איינעם פירן אויף אַ שליטעלע צעמענט, צוויי טראָגן וואַסער, צוויי פירן זאַמד און נאָך איינעם ער זאָל דעם זאַמד אָפּרייניקן פון שניי און צעהאַקן אים מיט אַ לאָם.

צוויי מענטשן פון בריגאַדע, די בעסטע מייסטערס, דאָס מיינט שוכאָוו און קילגאַס, זענען נאָך געבליבן אָן אַרבעטס־צוטיילונג. דער בריגאַדיר האָט זיי צוגערופן צו זיך:

— וואָס טשטאָ רעביאַטאַ! (כאָטש נישט עלטער פון זיי האָט ער זיי גערופן „רעביאַטאַ", אַזאַ געוווינהייט ביי אים) — פון מיטאָג אָן וועט איר בויען די ווענט אויפן צווייטן שטאָק דאָרט ווו ס'האָט אָסיען־צייט געאַרבעט די צווייטע בריגאַדע. דערווייל מוזט איר אָבער פאַרשטעקן די שפּאַרעס אין די דריי גרויסע פענצטער פון דער מאַשינען־האַלע. כ'וועל אייך געבן צו הילף נאָך מענטשן, איר קלערט נאָר צו מיט וואָס פאַרשטעקן. די מאַשינען־האַלע וועט אונדז דינען אַלס אָרט פאַנאַנדער־צופירן דעם צעמענט און אויך אויף אָנוואַרעמען זיך. וועלן מיר נישט באַוויזן אָנוואַרעמען די האַלע וועלן מיר פרירן ווי די הינט, פאַרשטאַנען?

מעגלעך אַז ער וואָלט נאָך עפּעס געזאָגט. נאָר אָט איז געקומען צולויפן גאָפּטשיק, אַ יינגל פון אַ יאָר זעכצן, אַ ראָזעווער ווי אַ חזירל, און פאַרקלאָגט זיך אַז אַן אַנדערע בריגאַדע האָט ביי זיי צוגענומען דעם מולטער אויף מישן צעמענט און וויל אים נישט אָפּגעבן. טיורין איז גלייך אַוועק אַהין.

שוכאָוו און קילגאַס האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן שוין מער ווי איינמאָל געאַרבעט צוזאַמען, זיך געקאָנט אַלס גוטע מויערער און נישט ערגערע טעסליער. אָבער געפינען אויפן הויף שניי מיט וואָס צו

פאַרשטעקן פענצטער, דאָס איז גאָר אַן אַנדערע קענטעניש, אַלנפאַלס נישט קיין גרינגערע. קילגאַס האָט זיך אָנגערופן:

— ווייסט וואָס, וואַניאַ, איך קאָן אַזאַ אָרט ווו עס ליגט אַ גאַנצע ראָלקע דאַך־פּאַפּע. איך האָב זי אַליין באַהאַלטן. מ׳ר׳ן צוגיין אַהין וואָס?

קילגאַס כאָטש אַ לעט אָבער רוסיש רעדט ער ווי אַ געבוירענער רוס. נאָך פון קינדווייז זיך אויסגעלערנט פון די סטאַראָאָבריאַדצעס וועלכע האָבן געוווינט אין דער נאָענט פון זייער דאָרף.

אין לאַגער איז ער ערשט צוויי יאָר אָבער דאָס לעבן דאָ קאָן ער אויסגעצייכנט, ער ווייסט אַז וואָס ווערסט נישט אַרויסרייסן דאָס ווערסטו נישט האָבן. קילגאַסעס נאָמען איז יאָהאַן. שוכאָוו רופט אים פשוטער — וואַניאַ.

שוכאָוו, איידער ער האָט געדאַרפט גיין מיט קילגאַסען נאָך דער ראָלקע דאַך־פּאַפּע, איז ער געלאָפן ברענגען די קעלניע. אַ גוטע קעלניע פאַר אַ מויערער איז פּונקט ווי אַן אייגענע האַנט. אין לאַגער איז אָבער אַזאַ אָרדענונג אַז אין דער פרי גיט מען דיר אַ קעלניע און אויף דער נאַכט מוזטו זי אָפּגעבן. צומאָרגנס וואַרט וועלכע עס וועט זיך אַריינפאַלן, דאָס איז אַ מזל־זאַך. שוכאָוו האָט אָבער יד־בלאַט מיטן אינסטרומענ־טאַלטשיק און יענער באַהאַלט אים זיין קעלניע. פאַרשטייט זיך אַז ווען מ׳זאָל זיי געוועזן היינט אַוועקטרייבן אין סאָצגאָראָדאָק וואָלט אפילו דער בלאָט נישט געהאָלפן און ער וואָלט זיך שוין מיט דער קעלניע געמעגט געזעגענען. אַזוי אָבער האָט ער זי ווידער אין האַנט.

שוכאָוו און קילגאַס זענען אַרויס פון די אויטאָ־וואַרשטאַטן און פאַרנומען זיך אין ריכטונג צו די פּאַרטיקע הייזער־עלעמענטן. פון די מיילער זייערע האָט געשלאָגן אַ געדיכטע פּאַרע. די זון איז שוין געווען גענוג הויך אויפן הימל. די שטראַלן אירע זענען זיך צעפאַלן אינעם נעפל. פון זייער אָפּשיין זענען אַנטשטאַנען ליכט־פּאַסן ענלעכע צו סלופּעס.

— דאָס זענען נישט אַמאָל סלופּעס? — האָט שוכאָוו אַ ווונק געטאָן צו קילגאַסן.

— זאָל זיין סלופּעס, אונדז שטערן זיי נישט — האָט זיך קילגאַס

צעלאַכט — זיי זאָלן נאָר נישט וועלן אָנציען שטעכל־דראָטן פון איינעם צום צווייטן, אויף זיי איז אַלץ צו גלויבן...

קילגאַס קאָן נישט אויסקומען אָן אַ וויץ. די בריגאַדע האָט אים זייער ליב דערפאַר, שוין אָפּגערעדט פון די לעטן. צוריקגעשמועסט וויצלט זיך אים גרינגער ווי אַ צווייטן. אַ חלק דערין האָבן די צוויי פּאָסילקעס וועלכע ער באַקומט יעדן חודש. מ׳זעט זיי אויך אָן, די פּאָסילקעס, אויפן ראָזעווען פּנים זיינעם.

דורכמעסטן די זאָגע צופוס איז פּאָלג מיך אַ גאַנג. אויפן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן חברה פון דער 82־טער בריגאַדע. יענע האָבן זיך געמאַטערט ביים גראָבן גריבער. אמת, נישט קיין גרויסע, פּופּציק אויף פּופּציק צענטימעטער און אַזויפיל די טיף. די ערד איז אָבער אַזאַ אַז אפילו זומערצייט איז זי ווי פון שטיין, ווי ערשט ביי אַזאַ פראָסט? כאָטש נעם און בייס זי מיט די ציין. זיי האַקן מיט די לאָמען — די לאָמען גליטשן זיך פון די הענט — עס פליען פונקען, אָבער די ערד רירט זיך נישט. שטייען זיי יעדער איבער זיין גרוב, קוקן זיך אַרום, זעען אַז אָנוואַרעמען איז זיך נישטאָ ווו, אַוועקגיין טאָר מען נישט, בלייבט איבער ווידער נעמען דעם לאָם אין האַנט. — בלויז פון אים קאָן מען דערוואַרטן אַביסל וואַרעמקייט.

צווישן די וואָס האָבן געגראָבן די גריבער האָט שוכאָוו באַמערקט אַ באַקאַנטן פון וויאַטקע:

— איר וואָלט בעסער, חברה, איבער יעדן גרוב פאַנאַנדערגעפירט פייער, די ערד וואָלט אָפּגעטייעט און ס׳וואָלט גרינגער געווען.

— זיי דערלויבן נישט — האָט דער וויאַטקער געענטפערט מיט אַ זיפץ — זיי גיבן נישט קיין האָלץ.

— דאַרף מען אַליין געפינען.

קילגאַס האָט אַ שפּיי געטאָן.

— זאָג־זשע, וואַניאַ, ווען נאַטשלאַסטוואָ זאָל האָבן שכל וואָלט זי ביי אַזאַ פראָסט אַוועקגעשטעלט מענטשן דזשאָבען פאַרפרוירענע ערד?

קילגאַס האָט נאָך עפּעס בייז אַ מורמל געטאָן, אָבער מ׳האָט נישט דערהערט. אויפן פראָסט וועסטו קיין סך נישט ריידן. זיי זענען אַוועק

ווייטער ביז דעם אָרט ווו אונטערן שנײ זענען געלעגן עטלעכע ברעטער.

שוכאָוו האָט ליב אַרבעטן צוזאַמען מיט קילגאַסן. איין זאַך איז נאָר שלעכט וואָס קילגאַס רויכערט נישט און באַקומט נישט אין די פּאָסילקעס קיין טאַבאַק.

מען מוז מודה זיין אַז ער האָט אַ גוט אויג קילגאַס: ווי נאָר זיי האָבן אויפגעהויבן איין ברעט, אַ צווייטס, אַזוי האָבן זיי גלייך באַמערקט דעם רולאָן פּאַפּע.

אַרויסגעצויגן. אָבער ווי טראָגט מען עס פון דאַנען אַוועק? יענע פון די וואַכטורעמס, אַז זיי וועלן באַמערקן איז גאָרנישט; זיי האָבן נאָר איין זאָרג — די אַרעסטאַנטן זאָלן זיך נישט צעלויפן, וואָס שייך אינעווייניק, אין זאָנע, זאָלן זיי כאָטש אַלע ברעטער אויף שפּענער צעהאַקן, דאָס אָרט זיי נישט. דער לאַגער־אויפזעער, ווען זיי זאָלן אים טרעפן, וועט אויך אַוועקקוקן: פֿאַר אים איז וויכטיק אַז דאָס ראָד זאָל זיך דרייען. די זעקס האָבן אַנדערע דאגות; פאַר די בריגאַדירן איז עס ווי אין שפּריכוואָרט: אַ ציג אָדער אַ פּערציקער — אַבי ביידע זענען וויים. דער וואָס קימערט זיך יאָ, דאָס איז דער אַרבעטס־אויפזעער, דער דעסאַטניק, און אויך שקוראָפּאַטענקאָ. דער שקוראָפּאַטענקאָ איז אַ גאָרנישט, פּונקט אַזאַ זעק ווי זיי. מ׳האָט אים געהייסן היטן, טוט ער עס מיט אייפער. בלויז פאַר שקוראָפּאַטענקאָ דאַרפן זיי מורא האָבן.

— הער, וואַניאַ — האָט זיך שוכאָוו אָנגערופן — מיר טאָרן די ראָלקע פּאַפּע נישט טראָגן אין דער ברייט, מיר מוזן זי האַלטן אויפגעשטעלטער־הייט, צורוקן זי צו זיך, אַזוי וועלן זיי פון ווייטן נישט באַמערקן.

ער האָט עס גוט צוגעטראַכט שוכאָוו. זיי האָבן דעם רולאָן צוגעקוועטשט צו זיך, ווי אַ דריטן אינמיטן, און אַוועק מיט אים.

— ווען דער אַרבעטס־אויפזעער וועט זען אַז די פענצטער זענען פאַרשטעקט וועט ער פאַרשטיין פון וואַנען די פּאַפּע שטאַמט — האָט זיך אָנגערופן שוכאָוו.

— אַ דאגה האָבן מיר, וואָס ווייסן מיר? — האָט קילגאַס געענטפערט — מיר׳ן געקומען אַהער, איז שוין אַזוי געווען. אפשר אַראָפּרייסן, וואָס?

— טאַקע אַזוי איז עס.

די הענט זענען פאַרשטאַרט געוואָרן, מען פילט זיי נישט. ווי־כטיק איז אַז די וואָליקעס זאָלן דינען ווייל די הענט קאָן מען שפעטער אָנוואַרעמען ביי דער אַרבעט, מיט די פיס איז ערגער.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען איבער אומבאַריירטן שניי און לסוף צוגעקומען צו אַ צייכן פון אַ פרישן שליטן־וועג, וועלכער האָט געפירט פון דער אינסטרומענטן־אָפּטיילונג צו דער עלעקטראָווניע. ווייזט אויס אַז מ׳האָט געבראַכט צעמענט.

די עלעקטראָווניע שטייט אויף אַ בערגל. הינטער איר ענדיקט זיך די זאָנע. שוין אַ היפּש ביסל צייט ווי קיינער איז דאָרט נישט געווען, דער וועג אַהין איז פאַרשאָטן מיט שניי. אין דער ווייסקייט טיילן זיך דעריבער שטאַרקער אויס דער שליטן־וועג און די טיפע שפורן פון זייערע טריט. מען רייניקט שוין דאָרט, דאַכט זיך, אויך אַ וועג פאַר אויטאָס.

גוט איז ווען דער הייב־קראַן אַרבעט, איז אָבער דער מאָטאָר קאַליע געוואָרן און קיינער האָט אים נישט צורעכט געמאַכט. דאָס הייסט אַז מ׳וועט אַלץ מוזן טראָגן, אויף די אייגענע פלייצעס, ביזן צווייטן שטאָק.

צוויי חדשים איז די „טעץ" געשטאַנען איינע אַליין, ווי אַ גרויער סקעלעט, אין ווייסן שניי. און אָט איז געקומען די 104־טע! אויף וואָס, משטיינס געזאָגט, האַלטן זיך אירע נשמות? אויף די פּוסטע בייכער איינגעצויגענע מיט ברעזענטענע גאַרטלען? דער פראָסט קוואַקט; אַנוואַרעמען זיך איז נישטאָ ווו; קיין פונק פייער אפילו. און זי איז געקומען די 104־טע, אַזאַ ווי זי איז, און דאָך הייבט ווידער אָן לעבן.

ביים סאַמע אַריינגאַנג אין דער גענעראַטאָרן־אָפּטיילונג האָט זיך פונקט שלימזל געמוזט צעפאַלן דער מולטער אויף צעמענט. ער איז שוין אַזוי ווי געווען אַ דורכגעפוילטער. שוכאָוו האָט בכלל נישט געגלויבט אַז מ׳זאָל אים פאַרטראָגן אַ גאַנצן. דער בריגאַדיר האָט געוווסט אַז קיינער איז נישט שולדיק דערין אָבער למען אָרדענונג האָט ער אַריינגעזאָגט אין דער מאַמען אַריין. נאָר אָט זענען אָנגעקומען קילגאַס מיט שוכאָוון, געבראַכט די ראָלקע פּאַפּע. דעם בריגאַדיר איז געוואָרן פריילעכער אויף דער נשמה. און ער האָט גלייך איבערגעשטעלט די גאַנצע אַרבעט: שוכאָוון געשיקט מאַכן אַ רער צום אייוונדל, מ׳זאָל וואָס גיכער קאָנען

איינהייצן; קילגאַסן און עטלעכע עסטאָנצעס צוהילף ביים צורעכט מאַכן דעם מולטער; סעניאַ קלעוושין — צוגרייטן לייסטן אויף צופעסטיקן די כאַפּע. אָבער פונוואַנען נעמען לייסטן? יעדער האָט זיך אַרומגעקוקט, דער בריגאַדיר אויך. פאַראַן אַן אויסוועג: אָפּרייסן עטלעכע ברעטער וואָס זענען צוגעפּעסטיקט ווי פּאַרענטשעס צום טרעפּן־לייטער וואָס פירט צום צווייטן שטאָק. אַז מ׳זאָל שפּעטער נישט אַראָפּפאַלן פון איר וועט מען מוזן גיין און נישט גענעצן. קיין אַנדערער אויסוועג איז נישטאָ.

עס וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן צו וואָס דאַרף אַן אַרעסטאַנט אַזויפיל אַרבעטן, קיין גוטס דערוואַרט אים אַזוי ווי נישט, מער ווי אַ האָרב זיכער נישט? צי קאָן ער זיך נישט זאָגן: איך וועל נישט אַרבעטן, גענוג, און נאָר אַדורכשטופּן דעם טאָג, וואַרטן אויף דער נאַכט? אָבער ניין אַזאַ קונץ גייט נישט. דערויף איז אויסגעקלערט געוואָרן אַזאַ „קלוגע״ זאַך ווי די בריגאַדע. אַ בריגאַדע אין לאַגער איז נישט דאָס וואָס אויף דער פריי ווו איוואַן באַקומט באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט און פּיאָטר פאַר זיינער. אַ בריגאַדע אין לאַגער איז אַזוי קאָנסטרויִרט אַז נישט נאַטשאַלסטוואָ טרייבט אונטער ביי דער אַרבעט, נאָר איין אַרעסטאַנט דעם צווייטן! דאָ איז אַזוי: אָדער אַלע באַקומען אַ צוגאָב־פּאַיאָק אָדער אַלע פּגרן. „וועסט נישט אַרבעטן, האַדיוקע, אַז איך זאָל צוליב דיר שטאַרבן פון הונגער? ניין, האָרעווע, נבלה!״

אַז עס קומט נאָך אַזאַ מאָמענט ווי איצט וועסטו נישט האָבן ווען דעם אָטעם צו כאַפּן. ווילסט צי דו ווילסט נישט, לויף, שפּרינג, דריי זיך. אויב מ׳וועט אין פאַרלויף פון צוויי שעה נישט באַווייזן אָנצוואַרעמען די האַליע וועט אַלעמען דער טייוול בעמען!

פּאַוולאָ האָט געבראַכט עטלעכע בלעכענע רערן און אַ ביסל אינסטרומענטן. נעם וואָס דו דאַרפסט. אמת, דאָס זענען נישט קיין ספּעציעלע בלעכער־אינסטרומענטן, אָבער פאַראַן אַ העמערל, אַ ריכטאייזן און מ׳וועט זיך ווי ס׳איז אַן עצה געבן.

שוכאָוו האָט באַהאַלטן די קעלניע (כאָטש אין בריגאַדע זענען אַלע אייגענע יאַטן אָבער פאַרבייטן אויף אַ בעסערער וועט יעדער, אפילו קילגאַס) און זיך גענומען מיט אייפער צו די רערן. אַ קלאַפּ מיטן העמערל,

נאָך אַ קלאַפּ, און די אַרבעט האָט אָנגעהויבן רירן פון אָרט. גאָפּטשיקן האָט ער געשיקט זוכן אַ שטיקל דראָט, עס זאָל זיין אויף וואָס די רער אונטערצוהענגען.

אין ווינקל פון האַליע שטייט נאָך אַן אויוון, אַ נידעריקער, אַ געמויער־טער, מיט אַ ציגעלנער אָפּצוגרער אויף אָפּטייען און וואַרעמען זאַמד. בוינאָווסקי און פעטיוקאָוו טראָגן טאַקע דעם זאַמד. שלעפּן נאָסילקעס מיט זאַמד איז נישט קיין שום חכמה, דערפאַר שיקט דער בריגאַדיר צו אַזאַ מין אַרבעט בלויז געוועזענע נאַטשאַלניקעס. אויך פעטיוקאָוו איז אויף דער פריי געווען אַ גרויסע שישקע, אפילו געפאָרן מיט אַן אויטאָ.

די ערשטע טעג האָט זיך אים פאַרוואָלט ווייזן דעם קאַפּיטאַן ווער ער איז דאָס געווען, נאָר בוינאָווסקי האָט לאַנג נישט געטראַכט און אים דערלאַנגט אין די ציין, אַזוי אַרום איז געוואָרן שלום.

חברה האָבן זיך גענומען רוקן וואָס נענטער צום וואַרעמען אויוון ווו ס׳האָט זיך געטרוקנט דער זאַמד. דער בריגאַדיר האָט אָבער געוואָרנט:

— עי, כ׳זאָל נישט דאַרפן ווערמען דערוואַרעמען! דאָס ערשטע דאַרף מען זען אַלץ איינאָרדענען!

אַ געשלאָגענעם הינט ווייז נאָר אַ שטעקן. דער פראָסט איז טאַקע אַ שאַרפער, אָבער דער בריגאַדיר איז נאָך האַרבער. זענען זיך חברה צעגאַנגען יעדער צו זיין אַרבעט.

שוכאָוו האָט געהערט ווי דער בריגאַדיר האָט איינגערוימט פּאַוולאָן אויפן אויער:

— דו בלייב, האַלט זיי שטרענג, איך מוז גיין דערליידיקן די פּראָצענטן.

פון דער אַזוי גערופענער פּראָצענטאָווקע איז אפשר מער אָפּהענגיק ווי פון דער אַרבעט גופא. דער בריגאַדיר וואָס האָט שכל שטעלט אויף דער פּראָצענטאָווקע. אין איר ליגט אונדזער גורל. דאָס וואָס ס׳איז נישט געמאַכט געוואָרן — דערווייזן אַז ס׳איז יאָ געמאַכט; דאָרט ווו עס ווערט ווייניק געצאָלט דריי אַזוי אויס אַז דער חשבון זאָל זיין גרעסער! צו די זאַכן מוז זיין אַ בריגאַדיר מיט קאָפּ. ער מוז אויך האָבן יד־אחת מיט די

נאַרמיראָווטשטשיקעס און פאַרשטייט זיך, אַז זיי טוען דאָס נישט אומזיסט, בלויז פאַר זיינע שיינע אויגן.

ווען מ׳זאָל אַזוי אַ טראַכט טאָן, ווער האָט דעם אמתן נוצן פון דער פּראָצענטאָווקע? ווייזט זיך אויס, אַז דער לאַגער: אין דער לאַגער־קאַסע גייען די איבעריקע טויזנטער רובל און פון דאָרט אין די קעשענעס פון די לויטענאַנטן. אפילו אַזאַ וואָלקאָוואָי באַקומט אויך. פאַרוואָס? פאַר דער גאַהייקע. דו באַקומסט אָוונט־צייט די צוגאָבלעכע 200 גראַם ברויט און שוין. אין די צוויי הונדערט גראַם ברויט ליגט דער החיים והמות, מיט זיי ווערט דער לאַגער רעגירט.

מ׳האָט געבראַכט צוויי עמער וואַסער, וועלכע זענען אויפן וועג פאַרפרוירן געוואָרן. מ׳דאַרף נישט מער טראָגן, האָט פּאַוולאָ באַשלאָסן, מירן עס גיכער מאַכן פון צעטייען שניי.

גאָפּטשיק איז געקומען צו לויפן, געבראַכט אַ שטיק דראָט, דווקא אַלומיניום־דראָט, וועלכן עס נוצן עלעקטריקער, און געמאָלדן:

— איוואַן דעניסיטש! די דראָט וועט גוט זיין אויף לעפל. איר וועט מיך אויסלערנען אָפּגיסן לעפל?

איוואַן דעניסיטש האָט אים ליב, דעם כלבוניק גאָפּטשיק (ער האָט געהאַט אַ זון איז ער קליינערהייט געשטאָרבן. אין דער היים ביי אים זענען צוויי דערוואַקסענע טעכטער געבליבן). גאָפּטשיק איז פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער דערפאַר ווייל ער האָט געטראָגן אין וואַלד אַריין מילך, פאַר די באַנדעראָווצעס. כאָטש אַ קינד, האָט ער אָבער באַקומען אַן אורטייל מיט לייטן גלייך. אַזוי ווי אַ קעלבל צו אַ קו, אַזוי לאַשטשעט ער זיך צו דערוואַקסענע. ער איז אָבער דערביי געגנוג כיטרע: די פּאַסילקעס עסט ער איינער אַליין. ער טוט עס ביינאַכט.

עס איז זיך נישטאָ וואָס צו וווּנדערן: אַלעמען ווערסטו נישט אַנקאָרמען.

זיי האָבן אָפּגעבראָכן אַ שטיקל דראָט אויף מאַכן לעפל און עס פאַר־שטעקט אין אַ ווינקל. פון צוויי ברעטער האָט שוכאָוו צונויפגעשטעלט אַ מין לייטער און אַרויפגעשיקט אויף איר גאָפּטשיקן אויפהענגען די רער. — פלינק און געשיקט זיך אַרויפגעדראַפּעט אַהין, האָט ער אַריינ־געהאַקט אַ טשוואָק אין וואַנט, פאַרטשעפּעט די דראָט און אַרומגעבונדן

די רער. שוכאָוו האָט זיך נישט געפוילט, נאָר אויסגעמייסטרעוועט אַ שטיקל רער מיט אַ קני און ווען ס'וועט זיך מאַכן אַ ווינט זאָל נישט צוריקבלאָזן. פאַרשטענדלעך אַז די אַרבעט האָט ער געמאַכט אַזוי ווי פאַר זיך. סעניאַ קלעוושין האָט דערווייל אָנגעשפּאָלטן אַ היפש ביסל לייסטן און אויך אויסגענוצט דעם פלינקן גאָפּטשיק, וועלכער איז געקראָכן ווי אַ שד, ער זאָל זיי צוקלאַפּן אין דער הויך.

די זון האָט זיך דערווייל אויפגעהויבן העכער, צעטריבן דעם נעפּל — די „סלופּעס" זענען אויך פאַרשוווּנדן — און אָנגעפילט די האַליע מיט רויטן ליכט. באַלד האָט זיך אין אייוונדל צעפלאַקערט דעס געגנבטע האָלץ און ס'איז געוואָרן פריילעך אויף דער נשמה!

— אין יאַנואַר פלעגט שוין די קו באַוויזן אַנוואַרמען איין זייט אויף דער זון — האָט זיך שוכאָוו אָנגערופן.

קילגאַס האָט געענדיקט צורעכטמאַכן דעם מולטער און זיך געוואָנדן צום געהילף־בריגאַדיר:

— הערסט, פּאַוולאָ, פאַר דער דאָזיקער אַרבעט וועט מיר קומען ביים בריגאַדיר גאַנצע הונדערט רובל, נישט ווייניקער.

פּאַוולאָ האָט זיך צעלאַכט:

— וועסט באַקומען הונדערט גראַם.

— דאָס איבעריקע וועט דיר דער פּראָקוראָר צוגעבן — האָט פון דער הייך זיך אָנגערופן גאָפּטשיק.

— וואַרט אַ ווײַלע, וואַרט צו! — האָט שוכאָוו געשריגן — נישט אַזוי שניידט מען פּאַפּע.

ער האָט געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף עס טאָן.

ביים אייוונדל איז געוואָרן אַ געדראַנג. פּאַוולאָ האָט אָבער אַלעמען אַוועקגעטריבן פון דאָרט. קילגאַסן האָט ער געגעבן צו הילף נאָך עטלעכע מענטשן, פאַרגרעסערט די צאָל מענטשן ביים טראָגן זאַמד און ביים רייניקן דעם וועג פון שניי.

אינעווייניק, ביים אַראָפּנעמען דעם אָפּגעטייעטן זאַמד פון דער פּליטע, האָט ער צוגעטיילט נאָך אַ מענטש וועלכער זאָל וואַרפן דעם זאַמד אין מולטער אַריין.

פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן דער געדויש פון אַ מאָטאָר. דאָס האָבן לאַסטוואָגנס אָנגעהויבן פירן די ציגלבלאָקן פּראָדוצירטע פון צעמענט און קוילנשטויב. פּאַוולאָ איז אַרויסגעלאָפן און געוויזן ווי מ׳דאַרף אָפּלאָדעווען.

דאָס פאַרשטעקן די פענצטער מיט פּאַפּע איז געגאַנגען פאָרויס. וואָס קאָן אָבער פּאַפּע העלפן? פּאַפּיר איז נישט מער ווי פּאַפּיר. ס׳איז געוואָרן אַ ביסל פינצטערער. דאָס פייער אין אייוונדל איז געוואָרן העלער.

אַליאָשקאַ האָט געבראַכט קוילן, אייניקע שרייען: שיט! אַנדערע: שיט נישט! ביים האָלץ וועלן מיר זיך כאָטש אָנוואַרעמען. ער איז געבליבן שטיין אַ צעמישטער, נישט געוווּסט וועמען הערן.

פעטיוקאָוו האָט זיך ווי צוגעקלעפּט צום אייוונדל און צוגערוקט די וואַליקעס כמעט ביז צום סאַמע פייער. אָט אַ שוטה, דער קאַפּיטאַן האָט אים אָנגענומען פאַרן קאָלנער און געצויגן צו די נאָסילקעס:

— קום, טראָגן זאַמד, נבלה!

פאַרן געוויזנעם קאַפּיטאַן איז די לאַגער־אַרבעט פּונקט ווי דאָס ים־דינסט; אויב טאָן — דאַרף געטאָן ווערן! פאַר דעם לעצטן חודש איז ער היפּש אַראָפּ פון לייב, אָבער דעם געשפּאַן ציט ער.

פּאַמעלעך, גיך, אָבער די אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן. אַלע דריי פענצטער זענען שוין פאַרשטעלט. בלויז פון דער טיר גייט נאָך אַריין אַ ביסל ליכט, אָבער אויך קעלט. פּאַוולאָ האָט באַפוילן פאַרשטעלן די אויבערשטע טייל טיר און אונטן איבערלאָזן אָפן נאָר אַזויפיל, מ׳זאָל קאָנען דורכגיין איינגעבויגענערהייט.

אין צווישנצייט זענען אָפּגעלאָדן געוואָרן דריי לאַסטוואָגנס מיט די ציגלבלאָקן. די אויפגאַבע איז איצט אַרויפציען זיי אין דער הייך — ווי מאַכט מען עס אָבער אָן דעם הייבקראַן?

— מויערער! נו, אַהער. — האָט פּאַוולאָ גערופן.

דאָס איז געווען אַ מין ערן־אַרבעט. צוזאַמען מיט פּאַוולאָן זענען אַרויפגעגאַנגען קילגאַס און שוכאָוו. די טרעפּן־לייטער איז אַזוי אויך געווען אַ שמאָלע, ווי ערשט איצט, ווען סעניאַ קלעווושין האָט אָפּגעריסן פון איר די פּאָרענטשעס? איצט דאַרף מען זיך צורוקן נעענטער צו דער

וואַנט, אויב מ׳וויל נישט אַראָפּפאַלן. עס איז אויך שלעכט, וואָס צו די שטאַפּלען איז דער שנייי צוגעפרוירן, זיי זענען געוואָרן רונדיק, דער פוס האָט נישט ווו אָנצושפאַרן — ווי אַזוי וועט מען דאָ אַרויפטראָגן דעם צעפּירטן צעמענט?

זיי האָבן באַטראַכט ווו ווייטער מויערן די וואַנט. פון דער לעצטער שיכט ציגל איז שוין אָפּגערייניקט דער שניי, מ׳וועט נאָך דאַרפן מיט אַ העקל אַראָפּהאַקן דאָס אייז און אָפּקערן מיט אַ בעזעם.

האָבן זיי ווייטער אַרומגעקוקט ווי בעסער אַרויפבאַקומען די ציגל־בלאָקן: איידער טראָגן איבער שלעכטע טרעפּן־לייטער, וועט בעסער זיין, אַז פיר מענטשן זאָלן זיך שטעלן אונטן און אַרויפוואַרפן זיי אויף אַ בריקל, צוויי אַנדערע זאָלן פון דאָרטן וואַרפן העכער און נאָך צוויי וועלן זיי אַריבערטראָגן אויפן אָרט — ס׳וועט דאָך זיין גיכער.

אין דער הייך איז דער ווינט נישט אַזאַ שטאַרקער, אָבער דאָך ציט. ביי דער אַרבעט וועט זיכער אַדורכבלאָזן. ערשט ווען די וואַנט וועט זיך אויפהייבן, וועט ווערן אַ ביסל וואַרעמער.

שוכאָוו האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ צום הימל און אָפּגעזיפצט. לויט דער הייך פון דער זון דאַרף שוין באַלד זיין מיטאָג. ביי דער אַרבעט באַמערקט מען נישט, ווי די צייט לויפט. וויפל מאָל האָט ער שוין אַריינגעקלערט אין דער מאָדנער דערשיינונג: אין לאַגער אַנטלויפן די טעג אַזוי, אַז מען ווייסט נישט, ווען זיי זענען פאַרביי, אָבער דער טערמין פון זיצן ענדיקט זיך נישט, מען זעט נישט, אַז זיין סוף זאָל זיך דערנענטערן.

זיי זענען צוריק אַראָפּגעגאַנגען פון צווייטן שטאָק און אַוועקגעזעצט זיך ביים אויוון נעבן וועלכן עס זענען שוין געזעסן אַנדערע. בלויז דער קאַפּיטאַן און פעטיוקאָוו האָבן געאַרבעט, געשלעפּט זאַמד. פאַוולאָ האָט זיך צעבייזערט און אַוועקגעשיקט אַכט מענטשן טראָגן ציגלבלאָקן, צוויי — געהייסן שיטן צעמענט מיט זאַמד אין מולטער און מישן אויף טרוקן, נאָך באַפוילן ברענגען וואַסער און קוילן.

קילגאַס האָט זיך גענומען צו זיין גרופּע:

— נו, יינגלעך, מ׳דאַרף מאַכן דעם מולטער.

— זאָל איך אפשר העלפן? — האָט שוכאָוו געפרעגט ביי פאַוולאָ.

— העלף — האָט פּאַוולאָ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

באַלד איז געבראַכט געוואָרן אַ בעקן אויף צעטייען שניי. אימיצער האָט דערמאָנט אַז ס׳איז שוין צוועלף אַזייגער.

— צוועלף — האָט שוכאָוו באַשטעטיקט — די זון שטייט שוין אויפן העכסטן אָרט אין הימל.

— אויב אַזוי — האָט זיך אָנגערופן דער קאַפּיטאַן — איז נישט צוועלף נאָר איינס.

— פאַרוואָס? — האָט זיך שוכאָוו באַליידיקט — אַלטע לייט האַלטן אַז צום העכסטן איז די זון צוועלף אַזייגער.

— אַזוי האַלטן אַלטע לייט — האָט דער קאַפּיטאַן שאַרף צוריקגעענטפערט — ס׳איז אָבער פאַראַן אַ דעקרעט וואָס זאָגט אַז דווקא איינס אַזייגער געפינט זיך די זון אין זעניט.

— וואָס פאַראַ דעקרעט?

— פון דער סאָוויעטן־מאַכט!

דער קאַפּיטאַן איז אַוועק מיט די נאָסילקעס. שוכאָוו וואָלט סיי ווי נישט געשפּאַרט זיך מיט אים, אָבער צי הייסט עס אַז די זון אונטערליגט אויך זייערע דעקרעטן?

דערווייל זענען פאַרענדיקט געוואָרן די פיר קלענערע מולטערס.

— נו, גוט, איצט קאָן מען אַ ביסל זיצן און אָנוואַרעמען זיך — האָט פּאַוולאָ דערקלערט מיט זיין אוקראַאינישן אַקצענט — און איר, סעניאַ, וועט נאָכמיטאָג טאָן די זעלבע אַרבעט. זעצט אייך!

איצט האָט זיך יעדער געזעצט נעבן אויוון אָן שרעק. ווייזט אויס אַז ביז מיטאָג וועט מען נישט אָנהייבן מויערן. פאַנאַנדערפירן צעמענט לוינט אויך נישט, ער וועט פאַרפרוירן ווערן.

די קוילן האָבן זיך אויף אַן אמת פאַנאַנדערגעברענט און געגעבן אַ גלייכע וואַרעמקייט. מען פילט זי נאָר נאָענט פון אויוון, דער זאַל איז געבליבן קאַלט ווי געווען.

אַראָפּגעצויגן די הענטשקעס האָבן זיי געגומען וואַרעמען די הענט.

די פיס דאַרף מען קיינמאָל נישט צורוקן נאָענט צום אויוון. וועןאין שיך וועט דאָס לעדער פּלאַצן, אויב אין וואַליקעס וועלן זיי אָפּטייען,

פייכט ווערן, עס וועט גיין פון זיי אַ פּאַרע, אָבער וואַרעמער וועט דערפון נישט ווערן. אויב גאָר באַענט צורוקן צום אויוון — וועסטו זיי פאַרברענען, און דורכגיין מיט לעכער ביז וועסנע.קיין אַנדערע וועלן זיי דיר נישט געבן.

— שוכאָוו האָט נישט וואָס צו זאָרגן — האָט קילגאַס זיך געוויצלט

— ער איז שוין מיט איין פוס אין דרויסן, כמעט אין דער היים.

— מיט אַ באָרוועסן — האָט ווער צוגעגעבן. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. (שוכאָוו האָט דערווייל אַראָפּגעצויגן דעם לינקן וואַילעק און אָנגעוואַרעמט די אָנוצע).

שוכאָווס טערמין ענדיקט זיך. וואָס שייך קילגאַסן האָט ער צו זיצן קיילעכדיקע פינף און צוואַנציק. פריער איז געווען אַ גליקלעכע צייט — אַלע ווי איינער האָבן באַקומען צו צען יאָר. אין ניין און פערציקסטן האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס — אַלע באַקומען צו פינף און צוואַנציק! צען יאָר שטופּט מען ווי ס׳איז אַדורך, אָבער פינף און צוואַנציק, אַ גו פּרוווו??!

שוכאָוו האָט גערן ווען מען טייטלט אויף אים מיט די פינגער: אָטאָ דער ענדיקט שוין דעם טערמין. אַליין גלויבט ער אָבער נישט צו שטאַרק דערין. לאָמיר נעמען למשל די מלחמה־צייט, אַז ס׳האָט זיך וועמען געענדיקט דאָס מיליטער־דינסט, האָט מען אַזאַ איבערגעשיקט אין אַ שטראָף־באַטאַליאָן און געהאַלטן דאָרט ביזן זעקס און פערציקסטן. פון „געזעצלעכע" דריי יאָר באַקומט זיך אין דער פּראַקטיק פינף. דאָס געזעץ איז זייער עלאַסטיש, עס לאָזט זיך דרייען ווי מ׳וויל: עס ענדיקן זיך, לאָמיר זאָגן, דיינע צען יאָר באַקומסטו אַ הוספה — נאָך אַ צענערל, און זיץ רויק ברודערקע.

אַן אַנדערש מאָל קלערסטו — אַזש עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם — דער אורטייל ענדיקט זיך, דאָס שפּולקעלע פאָדעם וויקלט זיך אָפּ... גאָטעניו! אויף די אייגענע פיס — אויף דער פריי, וואָס?

אַרויסברענגען אַזעלכע געדאַנקען אויפן קול שטייט נישט אָן פאַר אַן אַלטן לאַגערניק, און שוכאָוו ווענדט זיך צו קילגאַסן:

— רעכן נישט, ברודערקע, קיין פינף און צוואַנציק, ס׳איז נאָך גאָרנישט געזאָגט געוואָרן, ס׳איז נאָך אין הימל אַ יאַריד. אָבער וואָס אמת איז אמת, איך בין שוין גאַנצע אַכט יאָר אָפּגעזעסן, פאַלגע אַכט יאָר.

לעבסט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ; האָסט אַפילו נישט קיין צייט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם ווי אַזוי ביסט דאָ אַריין און ווי אַזוי וועסט אַרויס.

לויט די אַקטן הייסט עס אַז שוכאָוו זיצט פאַר פאָטערלאַנד־פאַרראַט. ער האָט זיך מודה געווען דערין אַז ער איז איבערגעלאָפן צו די דייטשן מיטן געדאַנק צו דינען זיי און צוריקגעקומען פון דער געפאַנגענשאַפט איז ער לויטן אויפטראַג פון דייטשן אויסשפּיר־דינסט.

וועלכע אויפגאַבע ער האָט באַקומען פון דייטשן אויסשפּיר־דינסט האָט ער נישט באַוויזן צוטראַכטן. אַפילו דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט עס נישט באַוויזן. איז געבליבן פּשוט — „אַן אויפגאַבע".

שוכאָווס חשבון איז געווען אַ גאַנץ פּראָסטער: וועט ער נישט אונטער־שרייבן — וואַרט אים אַ קויל אין קאָפּ, כאָטשבי נאָך אַ פּאָר יאָר לעבן, און ער האָט אונטערגעשריבן.

געווען איז אַזוי: אין פעברואַר צוויי און פערציק איז אויפן צפון־מערב־פראָנט זייער גאַנצע אַרמיי אַריינגעפאַלן אין אַרומרינגלונג. עסן איז נישט געווען וואָס. אַפילו פון עראָפּלאַנען האָט מען גאָרנישט אַראָפּגע־וואָרפן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז זיי האָבן געשאַבן פערדישע קאָפּיטעס און דעם אָפּגעשאָבענעם האָרן געווייקט אין וואַסער און אַזוי געגעסן. שיסן איז נישט געווען מיט וואָס. אין דער לאַגע האָבן די דייטשן נישט געהאַט קיין שוועריקייטן אויסצוכאַפּן זיי פון די וועלדער. מיט איינער אַזאַ גרופּע איז אויך שוכאָוו עטלעכע טעג געווען אין געפאַנגענשאַפט, און שפּעטער, מיט פיר אַנדערע, פון דאָרט אַנטלאָפן. געשלייכט זיך דורך וועלדער, געטאָפּטשעט איבער בלאָטעס און לסוף, בדרך נס, אָנגע־קומען צו אייגענע. צוויי פון זיי האָט גלייך אָוועקגעלייגט אַ סעריע פון אַן אויטאָמאַט, דער דריטער איז געשטאָרבן פון די ווונדן. דערגאַנגען זענען זיי בלויז אין צווייען. ווער האָט זיי דאָס געבעטן דערמאָנען וועגן געפאַנגענשאַפט, געדאַרפט זאָגן פּשוט: געווען פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד און ס'וואָלט גאָרנישט געווען. האָט מען דאָך געדאַרפט האָבן שכל דערצו, איז ווי נעמט מען אים? און זיי: מירן אַרויסגעריסן זיך פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. פון געפאַנגענשאַפט? אַ רוח אין אייער מאַמע אַריין! וואָלטן זיי געבליבן אַלע פינף, וואָלט גרינגער געווען אויפווייזן ווי

ס׳איז אין דער אמתן געווען. אָבער אַז זיי זענען געבליבן אין צווייען?

הייסט עס אַז ביידע זענען פֿאַררעטער: האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך איבערגיין צו די דייטשן.

דער טויבלעכער סעניאַ קלעוושין, געהערט אַז ס׳גייט אַ רייד וועגן אַנטלויפֿן פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט האָט זיך אָנגערופֿן:

— איך האָב דריי מאָל געפּרוווט אַנטלויפֿן, און אַלעמאָל האָבן זיי מיך געכאַפּט.

סעניאַ קלעוושין, מיט זיין שווער געמיט, שווייגט: ער הערט ווייניק וואָס אַנדערע רעדן און מישט זיך נישט אין קיין געשפּרעכן. דעריבער טאָקע ווייסט מען וועגן אים זייער ווייניק, אַחוץ אַז ער איז אין בוכענוואַלד געווען, דאָרט געהערט צו דער אונטערגרונט־באַוועגונג, געטראָגן אין לאַגער אַריין געווער באַשטימט פֿאַר אַן אויפֿשטאַנד. מען ווייסט אויך אַז די דייטשן האָבן אים געהאַנגען פֿאַר די הענט און געשלאָגן מכות רצח.

— דו וואַניאַ, ביזט טאַקע אָפּגעזעסן אַכט יאָר, אָבער אין וועלכע לאַגערן? — האָט קילגאַס זיך נישט אונטערגעגעבן — אין געוויינלעכע לאַגערן, צוזאַמען מיט פֿרויען, נישט געטראָגן קיין נומערן. אַ בו, פּרוּוו זיצן אַכט יאָר אין אַ שטראָף־לאגער! דאָס האָט נאָך קיינער נישט אויסגעהאַלטן.

מיט ווייבער?... מיט קלעצער, און נישט מיט ווייבער!...

שוכאָוו האָט זיך צוגערוקט נעענטער צום אייוונדל... זיבן יאָר איז ער געווען אויפֿן ווייטן צפֿון, געשלעפּט קלעצער פֿאַר אייזנבאַן־שפּאַלעס, פֿייער האָט מען געמעגט פֿאַנאַנדערלייגן נאָר ביינאַכט. בייטאָג האָט עס נישט געקאָנט געשען. דער בריגאַדיר האָט איינגעשטעלט זיינס אַ סדר: נישט אויסגעפֿילט די נאָרמע בייטאָג איז בלייב אין וואַלד אויף ביינאַכט.

האַלבע נאַכט האָבן זיי זיך קוים געצויגן צום לאַגער, און שוין פֿאַרטאָג צוריקגעגאַנגען אין וואַלד.

— ניין, ברודער־קע... האָט שוכאָוו שפּעליאָווענדיק געענטפֿערט — דאָ איז רויקער, דאָ איז כאָטש פֿאַראַן אַ סוף פֿון אַרבעטס־טאָג, יאָ אויסגעפֿילט די נאָרמע, נישט אויסגעפֿילט, גיי צוריק אין זאָנע. דער גאַראַנטירטער פּאַיאָק ברויט איז דאָ אויך העכער מיט הונדערט גראַם.

מ׳קאָן לעבן. איי, וואָס ס׳איז אַ ספּעצלאַגער, טראַגסט נומערן, זיי מאַטערן דיר?

— אַ ביסל רויִקער — האָט זיך פּעטיוקאָוו אַריינגעמישט (עס האָט זיך דערנעענטערט דער מיטאָג־איבעררייס און אַלע האָבן זיך צוגערוקט נעענטער צום אייוונדל) — וואָס איז, מען שעכט דאָ מענטשן אין די בעטן?!

— ניין, קיין מענטשן נישט, בלויז מוסרים, צוטראַגערס — האָט אים פּאַוולאָ אָפּגעענטפערט און דערביי געדראָט מיט אַן אויפגעהויבענעם פינגער.

דאָ אין לאַגער האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן רירן: צוויי באַקאַנטע מוסרים זענען געשאָכטן געוואָרן פּשוט אויף די וואַגאָנקעס, דאָרט ווו זיי זענען געשלאָפן. עס איז אויך געפאַלן אַן אומזיסטער קרבן, אַ דריטער, גאָט דער נשמה שולדיקער. ווייזט אויס על פּי טעות — דאָס געלעגער פאַרביטן. נאָך אַ צוטראָגער איז קוים אַנטלאָפן — נאַטשאַלסטוואָ האָט אים באַהאַלטן אין טורמע. אין יענע לאַגערן, אויף צפון איז אַזעלכעס נישט געשען. ביז איצט האָט עס דאָ אויך נישט געטראָפן.

פּלוצים האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ פייף די דאַמף־מאַשין, צום אָנהויב שוואַכלעך, אַ ביסל הייזעריק, ווי זי וואָלט זיך ערשט געריי־ניקט דעם גאָרגל.

מיטאָג־צייט! מיטאָג־איבעררייס!

עך, דורכגעלאָזט אַ געלעגנהייט! שוין לאַנג געדאַרפט גיין אין סטאָלאָווע — פאַרנעמען אַן אָטשערעד. עלף בריגאַדעס אַרבעטן דאָ און די סטאָלאָווע נעמט אַריין אויף איין מאָל, מער ווי צוויי.

דער בריגאַדיר איז אַלץ נאָך נישטאָ. פּאַוולאָ האָט זיך גוט אַרומ־געקוקט און דאַן באַשלאָסן:

— שוכאָוו און גאָפּטשיק — מיט מיר! קילגאַס! אַז כ׳וועל אַהער־שיקן גאָפּטשיקן איז גלייך פירן די בריגאַדע!

זייערע ערטער ביים אייוונדל זענען גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן, מ׳איז געלאָפן אַהער, אַרומגענומען עס ווי עס זאָל זיין געווען אַ פּרוי.

— גענוג געשלאָפן! — שרייען חברה. — זאַקוריוואַי, פאַררויכער! איינער קוקט אויפן צווייטן, ווער וועט דער ערשטער פאַררויכערן.

מ׳זעט נישט ס׳זאָל ווער אָנהייבן: מ׳האָט נישט קיין מאַכאָרקע אָדער עס ווילט זיך נישט ווייזן יענעם ווען מ׳האָט יאָ.

איוואַן דעניסאָוויטש איז אַרויס צוזאַמען מיט פּאַוולאָן. גאָפּטשיק איז זיי נאָכגעלאָפן שפּרינגענדיק ווי אַ האָז.

— עס איז וואַרעמער געוואָרן — האָט שוכאָוו באַמערקט — ס׳איז זיכער נישט מער ווי אַכצן גראַד. ס׳וועט גוט זיין צו מויערן.

זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו די ציגלבלאָקן. די גרעסטע טייל האָט שוין חברה אַרויפגעוואָרפן צום צווייטן שטאָק.

זשמורענדיק די אויגן האָט שוכאָוו געכאַפּט אַ בליק אויף דער זון. ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַרויִקן זיך נאָכן געשפּרעך מיטן קאַפּיטאַן מכוח ווען די זון איז צום העכסטן אויפן הימל.

אין אָפּענעם פעלד בלאָזט דער ווינט גאַנץ נישקשה; ער שטשיפּעט ווי ס׳געהער צו זיין, מ׳זאָל נישט פאַרגעסן אַז עס איז יאַנואַר.

דער עסבאַראַק אויף דער אַרבעטסשטעל איז נישט מער ווי אַ היל־צערנע בודע אַרומגעקלאַפּט מיט פאַרזשאַווערטע בלעך. אינעווייניק איז ער דורכגעטיילט אויף צוויי, אויף אַ סטאָלאָווע און אַ קיך. איןביידע טיילן איז נישטאָ קיין פּאָדלאָגע, דער באָדן, ווי ער איז אָנגעטראָטן געוואָרן, פול מיט בערגלעך און גריבער, אַזאַ איז ער געבליבן. די קיך איז נישט מער ווי אַ קוואַדראַטנער אויוון מיט אַן איינגעמויערטן קעסל. דאָס איז אַלץ.

צוויי מענטשן באַלעבאַטעווען דאָ, דער קוכער און דער סאַניטאַר־אינספּעקטאָר. אין דער פרי, ווען די בריגאַדעס גייען אַרויס צו דער אַרבעט, באַקומט דער קוכער פון דער גרויסער לאַגערקיך אַ ביסל גרויפּן, מער ווייניקער צו פופציק גראַם אויף אַ קאָפּ, דאָס מאַכט אויס אַ קילאָ אויף אַ בריגאַדע, עפּעס ווייניקער פון אַ פּוד אויפן גאַנצן אָביעקט.

דער קוכער וועט דאָך נישט שלעפּן דאָס ביסל גרויפּן אַזש גאַנצע דריי קילאָמעטער, נעמט ער זיך צו הילף עפּעס אַן אונטערשטופּער. איידער אַליין בייגן די פּלייצע איז בעסער אָוועקגעבן אַ פּאָרציע קאַשע. וואָס, ער גיט דען זיינס? עס גייט אַזוי ווי אויפן חשבון פון כלל. ער וועט אויך אַליין קיין וואַסער נישט ברענגען, נישט קיין האָלץ, דעם אויוון נישט

פאַנאַנדערצינדן — צו די אַלע זאַכן געפינט ער שאַלאַטן־שמשים. זאָל
דאָרט פאַרלוירן גיין נאָך אַ פּאָר פּאָרציעס קאַשע, אַ דאגה!

עס איז איינגעפירט אַז עסן מעג מען נאָר אין סטאָלאָווע, מ׳טאָר נישט
פון דאָרט אַרויסטראָגן. די שיסלען ברענגט מען פון לאַגער (איבערלאָזן
אויפן אָביעקט טאָר מען נישט, די פרייע וועלן צוגנבענען) און דאָס נישט
מער ווי פופציק. דעם וואָס טראָגט די שיסלען קומט אויך אַ דאָפּלטע
פּאָרציע. אַז מ׳זאָל די שיסלען נישט אַרויסטראָגן פון סטאָלאָווע מוז מען
אַוועקשטעלן שומרים — זענען דאָך זייערע נשמות אויך נישט קיין
ראָזשינקעס! וויפל זיי היטן נישט געלינגט דאָך נישט איינהיטן. מער ווי
איין שיסל ווערט אַרויסגעטראָגן. מען מוז זיי דערנאָך צונויפקלייבן און
צוריקברענגען אין סטאָלאָווע, דערצו דאַרף ווידער זיין אַ געהילף. און אַזוי
גייט עס: אַ פּאָרציע אַהין, אַ פּאָרציע אַהער.

דער קוכער טוט נישט מער ווי ער שיט אין קעסל אַריין די גרויפּן
און דאָס ביסעלע זאַלץ. פעטס טיילט ער: חצי אין קעסל און חצי פאַר זיך.
גוט פעטס קומט כמעט נישט אָן, שלעכטע — טרעפט אין קעסל. בעטן
טאַקע די אַרעסטאַנטן נאָר אויף שלעכט פעטס. נאָך עפּעס טוט דער
קיכער: ווען די קאַשע האַלט שוין ביים פאַרטיק ווערן גיט ער זי אַ מיש,
איין מאָל, אַ צווייט מאָל. דער סאַניטאַר־אינספּעקטאָר טוט דאָס אויך
נישט; ער זיצט און קוקט. ווען נאָר די קאַשע איז אָפּגעקאָכט שטופּט
ער מיט איר אָן זיין בויך. למען אָרדענונג קומט דער דעזשורנער בריגאַ־
דיר (זיי בייטן זיך יעדן טאָג) פּרובירן צי מ׳קאָן אַזאַ קאַשע געבן עסן.
פאַרשטייט זיך אַז דעם דעזשורנעם בריגאַדיר קומט אויך אַ דאָפּלטע
פּאָרציע.

עס קומט מיטאָג־צייט. די בריגאַדירן ברענגען צו פירן זייערע
בריגאַדעס. מ׳שטעלט זיך אויס אין ריי נעבן פענצטערל דורך וועלכן דער
קוכער דערלאַנגט דיר אַ שיסעלע מיט אַ ביסל קאַשע אויפן דנאָ. וועסט
דען פרעגן וויפל דאָרט איז פאַראַן, אפשר איבערוועגן? און אויב יאָ?

עס פייפט דער ווינט איבערן סטעפּ: זומער — אַ טרוקענער, ווינטער
— אַ פראָסטיקער. מקדמונים איז דאָ גאָרנישט געוואַקסן און איצט, צווישן
די פיר רייען שטעכל־דראָט, אַוודאי נישט. ברויט וואַקסט דאָ נאָר אין

כלעבאָרעזקע, האָבער — אין מאַגאַזינדל. און כאָטש בייג די פּלייצע ביז צו דער ערד, צי זיך אויס אויף איר מיטן בויך, וועסטו קיין שטיקל עסן פון איר נישט אַרויסבאַקומען. מער ווי דער נאַטשאַלניק וועט באַווייליקן וועסטו נישט באַקומען. אויך דאָס וועט צו דיר נישט דערגיין, ס׳וועט זיך פריער צוקלעפּן צו די הענט פון די קוכער און זייערע משרתים. דאָ, אויפן אָביעקט, ווערט פּונקט אַזוי געגנבעט ווי אין דער זאָנע. עס ווערט אפילו געגנבעט נאָך איידער עס קומט אָן אין זאָנע. די אַלע וואָס גנבענען האַלטן נישט קיין קילאָף אין האַנט. דו, וואָס האַלטסט אים יאָ, גיב אַוועק די לעצטע כוחות און ווען דו קומסט צום פענצטערל נעם וואָס מ׳גיט דיר און טראָג זיך אָפּ!

אַז דאָס מזל איז קליין איז כאָטש זעץ זיך און וויין!

פּאַוולאָ, שוכאָוו און גאָפּטשיק זענען אַריין אין סטאָלאָווע. די ענגשאַפט דאָרט איז געווען אַזאַ אַז מ׳האָט נישט אַרויסגעזען נישט קיין טישן, נישט קיין בענק. ווער ס׳האָט געגעסן זיצנדיק, די מערהייט — שטייענדיק. די 82־טע בריגאַדע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געמאַרדעוועט זיך אויפן פראָסט ביים גראָבן גריבער, האָט די ערשטע באַוויזן אַריינכאַפּן זיך אין סטאָלאָווע. אָפּגעגעסן, ווילט זיך זיי נישט פאַרלאָזן די ערטער — דאָס איז זייער איינציקע מעגלעכקייט זיך אַ ביסל אָנצוואַרעמען. אַנדערע שרייען אויף זיי, זידלען, אָבער עס העלפט נישט, ס׳איז ווי מיט אַרבעס אין וואַנט — זיי נעמען אַלץ פאַר ליב, עס איז זיי דאָך בעסער ווי אויפן פראָסט.

פּאַוולאָ מיט שוכאָוון האָבן פון דעסטוועגן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג. זיי זענען פּונקט גוט אָנגעקומען: איין בריגאַדע באַקומט עסן און נאָך איינע שטייט אין ריי, דאָס איז אַלץ. די וואָס וועלן איצט קומען וועלן שוין זיין הינטער זיי.

— די שיסלען! שיסלען! — שרייט פון יענער זייט פענצטערל דער קוכער. זיין באַפעל ווערט גלייך אויסגעפילט. שוכאָוו העלפט צו. ער טוט עס נישט צוליב נאָך אַ פּאָרציע קאַשע, ניין, נישט מער ס׳זאָל זיין גיכער. אין קיך האָבן עטלעכע אונטערלעקער געוואַשן די שיסלען. פאַר אַ ביסל קאַשע.

עס איז אונטערגעקומען פּאַוולאָס ריי. ער האָט אַ רוף געטאָן:

— גאָפּטשיק!

— כ׳בין דאָ! — האָט זיך יענער אָפּגערופן מיט זיין דינענקן, ווי ביי אַ ציגנבעקל, קולכעל.

— ברענג די בריגאַדע!

גאָפּטשיק איז אַוועק.

עס איז וויכטיק וואָס די קאַשע איז היינט אַ גוטע. די בעסטע איז פון האָבערגריץ. זי מאַכט זיך אָבער זעלטן. אין גרעסטן טייל גיבן זיי מאַגאַראַ — אַפילו צוויי מאָל אין טאָג, עווענטועל אַ מעל־זאַציערקע. קאַשע פון האָבערגריץ זעטיקט אָבער צום מיינסטן.

וויפיל האָבער האָט דאָס שוכאָוו, אין דער פּאַרגאַנגענהייט, אויסגעשאָטן פאַר פערד און דערביי נישט געטראַכט אַז זיין גרעסטער טרוים וועט אַמאָל ווערן אַ ביסעלע האָבער.

— די שיסלען די שיסלען! — שרייט מען פון יענער זייט פענצטערל.

צום סוף איז אונטערגעקומען די ריי פאַר דער 104־טער. עס האָט נאָך אָפּגענומען זיין דאָפּל־פּאָרציע אַ געהילפס־בריגאַדיר און איז אַוועק פון פענצטערל.

דאָס אַלץ גייט אויפן חשבון פון די האָרעפּאַשניקעס. קיינער פּראָטעסטירט נישט, אַזאַ איז שוין דער סדר, יעדער בריגאַדיר באַקומט אַזאַ פּאָרציע, ער קאָן זי אַליין אויפעסן אָדער אַוועקגעבן. טיורין גיט עס אַוועק זיין געהילף, פּאַוולאָן.

שוכאָוו האָט געגומען שאַפן אַ שטיקל אָרט אויף אַ טיש, ס׳זאָל זיין וווּ אַוועקצושטעלן די שיסלען מיט קאַשע. צוויי האַלעפּוזניקעס האָט ער פאַרטריבן פון טיש, אַ דריטן געבעטן מיט גוטן. אַזוי אַרום איז געוואָרן אָרט פאַר צוועלף שיסלען. אויף די צוועלף וועט מען קאָנען אַוועקשטעלן זעקס און אויף זיי נאָך צוויי. יעצט דאַרף ער נאָר איבערנעמען פון פּאַוולאָן די שיסלען, זען זיך נישט טועה זיין אין חשבון, צוהיטן אַז קיינער זאָל נישט פאַרטשעפּען מיט אַן עלנבויגן און חס וחלילה נישט איבערקערן. מ׳דאַרף אויף אַלץ האָבן אַן אויג, זען ס׳זאָל ווער פון אַן אַנדערער בריגאַדע נישט אַריינקריכן אין אונדזערע שיסלען.

— צוויי! פיר! זעקס! — ציילט דער קוכער. ער דערלאַנגט פּאַר איין מאָל צוויי שיסלען, אַזוי איז פאַר אים בעסער; ווען ער זאָל אַרויסגעבן צו איינער וואָלט ער זיך געקאָנט טועה זיין אין חשבון.

— צוויי!... פיר!... זעקס! — חזרט איבער פּאַוולאָ, און גיט די שיסלען שוכאָוון. דער שטעלט זיי אויפן טיש. ער רעכנט נישט אויפן קול — אין חשבון איז ער שטאַרקער פון יענעביידע.

— אַכט... צען...

מ׳זעט עפּעס נישט אַז גאָפּטשיק זאָל קומען מיט דער בריגאַדע, פאַרוואָס?

— צוועלף... פערצן...

אין קיך האָבן אויסגעפּעלט שיסלען. נישט געקוקט וואָס פּאַוולאָ האָט פאַרשטעלט מיט זיך דאָס פענצטערל האָט שוכאָוו דאָך באַמערקט ווי דעם קוכערס הענט האָבן אָוועקגעשטעלט צוויי שיסלען און זיך פאַרהאַלטן אין אַ מין ישוב־הדעת. ער האָט, דאַכט זיך, אויסגעדרייט זיך צו די געשיר־וואַשער און זיי פּאַר עפּעס געזידלט. אימיצער איז נאָך צוגעקומען צום פענצטערל מיט אַ שטויס ליידיקע שיסלען. דער קוכער האָט אויף אַ ווײַלע באַכגעלאָזן די הענט פון די ביידע שיסלען מיט קאַשע, וואָס זענען שוין געשטאַנען אויפן פענצטערל, און גענומען דעם שטויס ליידיקע אויף איבערגעבן זיי אַהינטער...

אין דער רגע האָט שוכאָוו שטיין געלאָזן אויפן טיש די פערצן שיסלען מיט קאַשע, גיך צוגעשפּרונגען צום פענצטערל, און אַראָפּגעצויגן פון דאָרטן יענע צוויי פון וועלכע דער קוכער האָט אָוועקגענומען די הענט. אין דער שטיל, נישט אַזוי ווייט פאַרן קוכער ווי פאַר פּאַוולאָ, האָט ער איבערגעחזרט:

— פערצן...

— שטיי! וואָס האָסטו צוגעכאַפּט? — האָט דער קוכער גענומען שרייען.

— אַן אונדזעריקער, אונדזערער — האָט פּאַוולאָ אים באַרויִקט.

— אייערער איז טאַקע אייערער, אָבער פיר מיך נישט אַראָפּ פון חשבון!

— פערצן — האָט פאַוולאָ איבערגעחזרט אויפן קול און דערביי געקוועטשט מיט די פּלייצעס. ער אַליין וואָלט נישט צוגעלקחנט די צוויי שיסלעך קאַשע, ער איז פאָרט געהילפס־בריגאַדיר, עס פאַסט נישט פאַר אים. אין דעם פאַל איז עפּעס אַנדערש; מ׳קאָן עס אין גאַנצן אַרויפוואַרפן אויף שוכאָוון.

— איך האָב שוין איין מאָל געזאָגט „פערצן"! — האָט דער קוכער ווייטער געליאַרעמט.

— מילא, וואָס דו האָסט געזאָגט! — האָט אים שוכאָוו צוריקגעענטפערט — האָסט דאָך אָבער געהאַלטן די הענט אויף זיי, נו, גיי צייל איבער אויב דו גלויבסט נישט; אָט זענען זיי אַלע אויפן טיש!

איבערשרייענדיק זיך מיטן קוכער האָט שוכאָוו דערווייל באַמערקט ביידע עסטאָניער און איבערגעגעבן זיי די צוגעגנבעטע צוויי שיסלען. ער האָט נאָך באַוויזן גיך אומקערן זיך צום טיש און איבערציילן זיינע פּאָרציעס, די ריכטיקע, צי קיינער האָט בשעת מעשה גאָרנישט אַראָפּגעצויגן, ווייל דאָס האָט אויך געקאָנט געשען.

אין פענצטערל האָט זיך באַוויזן דאָס רויטע פּרצוף פון קוכער:

— ווו זענען די שיסלען? — האָט ער שוין גאָר שטרענג געפרעגט.

— אָט האָסטו זיי! — האָט שוכאָוו פעסט געהאַלטן זיך ביי זיינס — רוק זיך אָפּ אין אַ זייט, דו אַנגעפּרעסענער!

ער האָט אָפּגעשטופּט עפּעס אַן אַרעסטאַנט — נאַ, צייל; דאָ זענען צוויי און דאָ דריי מאָל צו פיר!

— די בריגאַדע איז נאָך נישט געקומען? — האָט דער קוכער אַרומגעקוקט זיך מיט חשד.

— ניין, נאָך נישט געקומען — האָט פאַוולאָ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איז צו וועלכן טייוול פאַרנעמט איר די שיסלען, אויב די בריגאַדע איז נישטאָ? — האָט דער קוכער זיך געוואָרפן אין כעס.

— אָט, אָט איז די בריגאַדע! — האָט שוכאָוו אויסגערופן.

נאָך איידער מ׳האָט געזען בוינאָווסקין האָט זיך שוין געהערט זיין שטים און דאָס אַזאַ ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן קאַפּיטאַנען־בריקל:

— וואָס איז דער געשטופּ? אָפּגעגעסן? איז אַרויס! לאָזט אָרט פאַר אַנדערע! — האָט ער געדונערט.

דער קוכער האָט נאָך אַ ביסל געבורטשעט, אָבער באַלד האָבן זיך אין פענצטערל צוריק באַוויזן זיינע הענט.

— זעכצן, אַכצן...

און אָנגיסנדיק די לעצטע פּאָרציע, אַ דאָפּלטע:

— דריי און צוואַנציג. אַלץ! גו. ווייטערדיקע!

די חברים פון דער בריגאַדע האָבן זיך גענומען דורכשלאָגן אַ וועג. פּאַוולאָ האָט דערלאַנגט די שיסלען איבער די קעפּ.

זומער־צייט וואָלטן אויף יעדער באַנק זיך אַוועקגעזעצט פינף מענטשן, יעצט, ווען אַלע זענען אָנגעפּעלצט, קאָנען קוים געפינען פּלאַץ פיר. דאָס רירן מיט אַ לעפל איז זייער באַשווערט.

רעכענענדיק אַז פון די צוויי געלקחנטע פּאָרציעס קאַשע וועט מסתמא איינע אָנקומען אים, האָט שוכאָוו קודם כל זיך גענומען צו זיין געזעצלעך שיסעלע. אַרויסגעצויגן זייער פלינק פון וואַילעק־כאַליאַווע דעם לעפל מיטן אויפשריפט „אוסט־איזשמאַ 1944", אַראָפּגעצויגן דעם הוט און צוגעקוועטשט אים אונטערן לינקן אָרעם, האָט ער צוערשט אָנגעהויבן פון אַרומקראַצן די ברעגעס פון שיסעלע.

אין דער אָטאָ רגע האָט מען זיך געדאַרפט קאָנצענטרירן בלויז אויף דער אכילה; גוט אָנגעמען די קאַשע אויפן לעפל און אָקוראַטנע זי לייגן אין מויל אַריין און דאַן ערשט לאָזן אין גאַנג די צונג. ער האָט זיך געמוזט צואיילן כדי פּאַוולאָ זאָל זען אַז מיט זיין פּאָרציע איז ער שוין פאַרטיק און פאַרשלאָגן אים די צווייטע. דאָ האָט זיך ווידער אונטערגערוקט פעטיוקאָוו, וועלכער איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט די עסטאָניער און באַמערקט ווי ס'זענען צוגעגנבעט געוואָרן די צוויי שיסלען קאַשע. ער האָט זיך געשטעלט אַקעגנאיבער פּאַוולאָן, געגעסן שטייענדיקערהייט, און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון יענע פּאָרציעס קאַשע. דערמיט געוואָלט געבן צו פאַרשטיין פּאַוולאָן, אַז אים קומט אויך עפּעס; אויב נישט קיין גאַנצע פּאָרציע איז כאָטשבי אַ האַלבע.

דער יונגער, טונקלהויטיקער פּאַוולאָ האָט רויק געגעסן זיין דאָפּלטע

פּאָרציע און זיך נישט וויסן געמאַכט אַז אימיצער קוקט אויף אים.

שוכאָוו האָט געענדיקט עסן. ער האָט נאָר צערייצט דעם מאָגן, גרייטנדיק זיך אויף צוויי פּאָרציעס, און דעריבער זיך נישט געפילט זאַט. נאָך דעם אייגעם שיסעלע קאַשע. אָוועקגעלייגט דעם לעפל האָט ער פון דער אינעווייניקסטער קעשענע דערלאַנגט דאָס ווייסע שמאַטקעלע אין וועלכן ער האָט געהאַט באַהאַלטן דאָס שטיקל ברויט־סקאָרינקע און פאָרזיכטיק דערמיט אויסגעווישט די שיסל, די זייטן אירע, דעם דנאָ. אַרומגעלעקט די סקאָרינקע האָט ער מיט איר נאָכאַמאָל געווישט די שיסל ביז זי איז געוואָרן ווי אויסגעוואַשן. נאָך דעם אַלעם איז ער געבליבן ווייטער זיצן נישט אָנטוענדיק דעם הוט.

כאָטש אַראָפּגעצויגן פון פּעגצטערל יענע צוויי פּאָרציעס קאַשע האָט ער, איז אָבער דער באַלעבאָס זייערער אַליין דער געהילף־בריגאַדיר, פּאַוולאָ.

פּאַוולאָ האָט געהאַט צייט. געענדיקט עסן האָט ער נישט אויסגעווישט דאָס שיסעלע נאָר בלויז אַרומגעלעקט דעם לעפל, באַהאַלטן אים, און איבערגעצלמט זיך. ערשט נאָך דעם האָט ער לייכט אָנגערירט יענע צוויי שיסלען און דערמיט ווי איבערגעגעבן זיי שוכאָוון.

— איוואַן דעניסיטש, אייגע נעם זיך און די צווייטע איז פאַר צעזאַרן.

שוכאָוו האָט גוט געוווסט אַז פאַר צעזאַרן וועט ער מוזן אָוועקטראָגן אין קאַנטאָר. (צעזאַר האָט זיך קיינמאָל נישט אַראָפּגעלאָזן אַזוי נידעריק אַז ער זאָל גיין אין סטאָלאָווע אַריין, נישט דאָ, אויפן אָביעקט און נישט אין לאַגער), דאָס איז פאַר אים געווען קלאָר. ווען פּאַוולאָ האָט אָנגערירט ביידע שיסלען מיטאַמאָל האָט זיך ביי שוכאָוון, פון שרעק, דאָס האַרץ אָפּגעשטעלט, ער האָט געמיינט אַז ביידע פּאָרציעס זענען באַשטימט פאַר צעזאַרן, ערשט האָט ער זיך באַרויקט, דאָס האַרץ האָט צוריק אָנגעהויבן קלאַפּן נאָרמאַל.

מעשה באַלעבאָס האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער דער שיסל און געגומען עסן, פּאַמעלעך, נישט איילנדיק זיך, און נישט פילנדיק ווי מען שטויסט אים אין פּלייצע. עס וואָלט געווען פּאַרדריסלעך ווען דאָס זאָל געווען אַריינפאַלן צו פּעטיוקאָוון. אויף אַזעלכע קונצן איז ער אַ מייסטער,

דער שאַקאַל, אָבער דאָרט ווו עס פאַרלאַנגט זיך אַ ביסל דרייסטקייט איז ער אַ גאָרנישט ש׳בגאָרנישט.

נישט ווייט פון זיי איז געזעסן דער געוועזענער קאַפּיטאַן בוינאָווסקי. ער האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט זיין פּאָרציע קאַשע און נישט געהאַט קיין אַנונג אַז אין בריגאַדע מאַכן זיך זייטיקע ביסנס. אָפּגעגעסן איז אים געוואָרן אַ ביסל וואַרעמער, אַ מין גוטסקייט איז זיך אים צעגאַנגען איבערן לייב, פון וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין כוח צוריק אויפצוהייבן זיך און אַרויסגיין אויפן פראָסט, אָדער אין דער נישט געהייצטער האַליע.

פונקט ווי יענע וועלכע ער האָט פריער געטריבן פון די ערטער, אַזוי זיצט ער יעצט אומגעזעצלעך און שטערט די פריש אָנגעקומענע זיי זאָלן זיך קאָנען אָוועקזעצן עסן. ער איז נישט לאַנג אין לאַגער, נאָך ווייניק געגאַנגען אויף אַרבעט. אַזעלכע רגעס ווי יעצט זענען פאַר אים (כאָטש ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון דערפון) זייער וויכטיק, בשעת מעשה ווערט ער פאַרוואַנדלט פון אַ שטאָלצן מאַרינע־אָפיציר אין אַ געהאָרכזאַמען, פלעגמאַטישן אַרעסטאַנט. בלויז די נאָכגיביקייט און אַפּאַטיע קאָנען אַרויסהעלפן ביים אָפּקומען די שטראָף פון פינף און צוואַנציק יאָר אַרבעטס־לאַגער.

דער קאַפּיטאַן האָט כמעט נישט געפילט ווי מען שטויסט אים אין פלייצע און ווי מ׳שרייט אויף אים, ער זאָל באַפרייען דאָס אָרט ביים טיש.

פּאַוולאָ האָט זיך אָנגערופן:

— קאַפּיטאַן! עי, קאַפּיטאַן?

יענער האָט אַ ציטער געטאָן, ווי מ׳וואָלט אים פון שלאָף אויפגעוועקט, און זיך אומגעקוקט. נישט פרעגנדיק צי ער וויל אָדער נישט האָט אים פּאַוולאָ דערלאַנגט אַ פּאָרציע קאַשע.

בוינאָווסקי האָט געקוקט דערויף ווי אויף וווּנדער, און אמת נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאַר.

— נעמט, נעמט — האָט אים פּאַוולאָ באַרויִקט און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער גלייך אַוועקגעגאַנגען.

די פון ווינטן און שטורעמס צעפּלאַצטע פּולע ליפּן ביים דערפּאַרעגעם און פאַרהאַרטעוועטן מאַטראָס האָבן זיך פּאַמעלעך געעפנט אין אַ מין שולדיקייטס־שמייכל... אַ צופרידענער האָט ער זיך איבערגעבויגן איבערן ביסל קאַשע, אין דער אמתן מאָגערע, שיטערע זופּ — בלויז האָבער און וואַסער.

פעטיוקאָוו האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף שוכאָוון, דערנאָך אויפן קאַפּיטאַן און איז אַרויס.

לויט שוכאָוון איז ריכטיק געווען וואָס די קאַשע איז אָנגעקומען דעם קאַפּיטאַן — מ׳דאַרף אים צוהעלפן ביז דער צייט ווען ער וועט זיך אויסלערנען לעבן.

אַליין האָט ער אָבער געקלערט אַז צעזאַר וועט אים אַוועקגעבן זיין קאַשע, ווער ווייס? נאָר, דאַכט זיך, ס׳וועט גאָרנישט אַרויסקומען דערפון, ווייל שוין צוויי וואָכן ווי צעזאַר באַקומט נישט קיין פּאַסילקעס.

געענדיקט די צווייטע פּאָרציע האָט שוכאָוו פּונקט ווי נאָך דער ערשטער אויסגעווישט מיט דער ברויט־סקאָרינקע די שיסל, יעדעס מאָל אַרומגעלעקט דאָס האַרטע שטיקל ברויט און צום סוף עס אויפגעגעסן. אָפּגעפּאַרטיקט דאָס אַלץ האָט ער גענומען צעזאַרס קאַלט־געוואָרענע קאַשע און אַוועק מיט איר.

— איך גיי אין ביוראָ אַריין — האָט ער אַ שטופּ געטאָן דעם קוכערס אונטערלעקער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר און נישט געוואָלט אים אַדורכלאָזן מיט דעם שיסעלע.

די פון געטעסיעטע ברעוונעס ביוראָ־געביידע איז געשטאַנען נישט ווייט פון וואַכטע. פּונקט ווי אין דער פרי, האָבן אויך איצט, אירע קוימענס זיך גערויכערט. קיין האָלץ, אָדער שפּענער צום הייצן פעלן דאָרט קיינמאָל נישט.

שוכאָוו האָט אַ סקריפּע געטאָן מיט דער טיר פון פּאָדערהויז, געעפנט אַ צווייטע, אַן אַרומגעקלאַפּטע מיט קאָנאָפּליעס, און טראָגנדיק מיט זיך קנוילן פּראָסטיקע פּאַרע גיך אַריין אין קאַנטאָר. ער האָט שנעל הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר, מ׳זאָל אים נישט מכבד זיין מיט אַ פּאָר פיינע ווערטער...

אין ביוראָ איז געווען אַזוי וואַרעם אַז ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט ווי ער וואָלט אַריין אין אַ באָד. דורך די אָפּגעטייעטע שויבן האָט אַריינגעשמייכלט אַ פריילעכע זון. גאָר אַן אַנדערע ווי יענע. דאָרט, אין דער הייך, אין דער קאַלטער האַליע פון עלעקטראָווניע.

דער רויך פון צעזאָרטע ליולקע האָט זיך אויסגעמישט מיט די זונען־שטראַלן און דערמאָנט ווייַרוך, צערקווע. צו דעם אַלעם האָט נאָך געלויכטן דאָס צעגליטע אייזונדל און די רויט־געוואָרענע רערן.

אין אַזאַ וואַרעמקייט איז געגנוג זאָלסט זיך נאָר צוזעצן אויף אַ ווײַלע און ווערסט גלייך איינשלאָפן.

די ביוראָ איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. דורך דער אָפּגעלעגטער טיר פון צווייטן צימער האָט זיך געהערט די בייזע שטים פון אַרבעטס־אויפזעער:

— מיר האָבן איבערגעשריטן די פאָנדן פון אַרבעטס־געהאַלט, מיר פאַרשווענדן בוי־מאַטעריאַלן! די בעסטע ברעטער, שוין אָפּגערעדט פון די פאַרטיקע הילצערנע ווענט, ווערן פאַרנוצט דורך די אַרעסטאַנטן אויף הייצן די אייוונדלעך, אויף וואַרעמען זיך, און איר זעט דאָס נישט! מיט עטלעכע טעג צוריק האָט איר געהייסן אויסלאָדענען צעמענט בעת אַ שטאַרקן ווינט, איז נאָך ווייניק, האָט איר פאַראָרדנט איבערטראָגן אים מיט נאָסילקעס. און דער רעזולטאַט? דער גאַנצער אַרום איז ביז די קניען טיף פאַרשאָטן מיט צעמענט, די אַרעסטאַנטן אויך. אַזאַ פאַרשווענדערישקייט, אַזעלכע שאָדנס?!

ווייזט אויס אַז ביים אַרבעטס־אויפזעער אין צימער זענען פאַרזאַמלט די פאָראַרבעטער, די דעסיאַטניקעס, און ער דערלאַנגט זיי אין טאַטן אַריין.

אין ווינקל, ביים סאַמע אַריינגאַנג, זיצט אויף אַ בענקל דער דעזשורנער. אַ ביסל ווייטער שטייט שקוראָפּאַטענקאָ, ב־219, דער קרומער דראָנג, ער קוקט דורכן פענצטער, מ׳זאָל נישט גנבענען די ברעטער פון די פאַרטיקע ווענט. ווען מ׳האָט אים ממש פון הינטער דער נאָז צוגענומען די דאַך־פאַפּע האָט ער נישט באַמערקט, דער גרויסער קנאַקער.

צוויי בוכהאַלטערס, אויך אַרעסטאַנטן, זיצן נעבן אייוונדל און בראָטן ברויט.

צעזאַר זיצט געמיטלעך נעבן טיש און רויכערט, מיט פאַרגעניגן זיין ליולקע.

אַקעגנאיבער אים זיצט איקס־123, אַ פעסטער זקן, אַ פאַרמשפטער אויף 20 יאָר קאַטאָרגע. ער עסט קאַשע.

— ניין, פאַטערל — האָט צעזאַר מיט אַ ווייכקייט אין דער שטים זיך געוואָנדן צום זקן — מיר מוזן אינגאַנצן אָביעקטיוו פעסטשטעלן אַז אייזענשטיין איז געווען גענישאַל. צי איז דען נישט זיין „איוואַן דער גרויזאַמער" אַ געניאַלער פילם? נעמט דעם מאַסקן־טאַנץ פון די אָפּריטש־ניקעס! די סצענע אין דער צערקווע!

— דאָס איז זעלבסט־אָפּנאַרעריי — האָט געענטפערט מיט כעס איקס־123 — צופיל קונסט איז איבערהויפּט נישט קיין קונסט. דאָס איז לעקעך אָנשטאָט ברויט! אַחוץ מזה ליגט דערין אַ נידערטרעכטיקע פּאָליטישע אידעע, דאָס באַרעכטיקן דעם אַליינהערשער, די טיראַניע. דאָס הייסט איזדעקעוון זיך איבער דריי דורות רוסישע אינטעליגענץ! (דער אַלטער האָט גענומען אין מויל אַריין די קאַשע, אָבער אינגאַנצן אָן הנאה. זי איז נישט דורכגעגאַנגען די קעל).

— אָבער, זאָגט מיר, וועלכן אַנדערן צוגאַנג צו דער טעמע וואָלטן זיי דורכגעלאָזן?

— אַדורכגעלאָזן?! אויב אַזוי, זאָגט נישט אַז אייזענשטיין איז געווען גענישאַל. זאָגט אַז ער איז געווען אַן אונטערלעקער, וועלכער האָט ווי אַ געטרייער הונט אויסגעפילט דעם באַפעל. אַ געניוס ריכטעט זיך נישט לויטן געשמאַק פון טיראַנען!

שוכאָוו האָט גענומען אונטערהוסטן כדי מ׳זאָל אים באַמערקן. איבער־רייסן דעם געלערנטן ויכוח האָט ער נישט געהאַט קיין מוט און צוהערן זיך האָט נישט געהאַט קיין זין.

צעזאַר האָט זיך אויסגעדרייט און אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך דער קאַשע. אויף שוכאָוון האָט ער צומאָל נישט געקוקט, צוגענומען ביי אים

דאָס שיסעלע פּונקט אַזוי ווי עס וואָלט פון הימל אַראָפּגעפאַלן און פאַרגעזעצט דעם שמועס:

— הערט מיך אויס, קונסט איז נישט וואָס, נאָר ווי אַזוי.

איקס־123 איז אַזש אונטערגעשפּרונגען און גענומען קלאַפּן מיט דער פויסט איבערן טיש:

— צום טייוול מיט אייער ווי אַזוי אויב ער דערוועקט נישט ביי מיר קיין שום גוטע געפילן!

שוכאָוו איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, אַזויפיל וויפיל עס האָט געפּאַסט. ער האָט אַלץ געגלויבט אַז צעזאַר וועט אים דאָך מכבד זיין מיט אַ ביסל קאַשע, נאָר יענער האָט אים אפילו נישט באַמערקט.

שטילינקערהייט איז ער אַרויס פון ביוראָ.

אין דרויסן איז נישט געווען ספּעציעל קאַלט. דאָס מויערן וועט הייַנט אָוועק נישקשה.

גייענדיק מיט דער סטעזשקע האָט ער באַמערקט אויפן שניי אַ שטיקל מעטאַל, אַן אָפּגעבראָכענעם טייל פון אַ שלאָסער־אינסטרומענט. כאָטש ער האָט נישט געזען אַז ס'זאָל אים צו עפּעס קאָנען נוצן האָט ער עס דאָך אויפגעהויבן און אַריינגעלייגט אין הויזן־קעשענע. מ'קאָן קיינמאָל נישט וויסן וואָס עס קאָן געשען. ער וועט עס באַהאַלטן אין דער „טעך".

שפּאָר בייצייטן וועסטו נישט אָנקומען צו לייטן.

אין „טעך" האָט ער צום ערשטן אַרויסגענומען פון באַהעלטעניש די קעלניע און אַריינגערוקט זי צווישן שטריק מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט, ערשט דאַן איז ער אַוועק אין האַליע ווו עס זענען געשטאַנען די מולטערס מיט צעמענט.

נאָך דעם דרויסן, ווו די זון האָט געלויכטן, האָט אים דאָ אויסגעזען צו זיין אין גאַנצן פינצטער און גאַרנישט וואַרעמער ווי אויפן פראָסט. נאָך מער, דאָ אין האַליע איז געווען פּאַסקודנע פייכט.

אַ טייל בריגאַדע האָט זיך געטוליעט צום רונדיקן אייזנדל, וועלכעס ער האָט דאָ הייַנט אינסטאַלירט, אַנדערע צום אויוון ווו מען האָט געטאַיעט זאַמד. די וואָס האָבן נישט געפונען קיין אָרט האָבן זיך באַגנוגנט מיט אָרעקזעצן אויפן ראַנד פון מולטער. דער בריגאַדיר איז געזעסן ביים

סאַמע אייוונדל דערעסנדיק די קאַשע וועלכע שוכאָוו האָט פאַר אים צוגעוואַרעמט אויף דער פּליטע.

חברה האָבן זיך געשושקעט, פריילעכער געוואָרן. אויך איוואַן דעניסיטש האָט גיך פאַרשטאַנען אַז דער בריגאַדיר איז געקומען מיט אַ גוטער ידיעה, ווייזט אויס נישט שלעכט דערליידיקט די פּראָצענטאָווקע.

מסתמא אַ גוטע אַרבעט געפונען, דערין איז שוין זיין קאָפּ. וואָס אַזוינס האָבן זיי היינט אויפגעטאָן? אַ גאָר גאָרנישט. אינסטאַלירט דעם אויוון? פאַר דעם צאָלט מען נישט, דאָס האָבן זיי געמאַכט פאַר זיך. איבעם אַרבעטס־צעטל דאַרף דאָך אָבער עפּעס אַריינגעשריבן ווערן. אפשר וועט צעזאַר אויסקלערן. נישט אומזיסט באַהאַנדלט אים דער בריגאַדיר בעסער פון אַנדערע.

גוט דערליידיקט די פּראָצענטאָווקע, הייסט אַז פינף טעג וועלן זיין גוטע פּאַיאָקס.

עס זאָגט זיך נאָר אַזוי פינף, פאַקטיש וועלן עס זיין נישט מער ווי פיר ווייל איינעם נעמט נאַטשאַלסטוואָ פאַר זיך. אויבערפלעכלעך זעט עס כמעט אויס ווי גערעכט, אַלע גלייך, אין דער אמתן גייט דאָס אַלץ אויפן חשבון פון אונדזערע מאָגנס. וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן — אַן אַרעסטאַנטסקע מאָגן טראָגט אַלץ איבער: היינט ווי עס איז, דערפאַר מאָרגן, וועט מען זיך שוין אָנעסן...

ווען מען פאַרטראַכט זיך אַביסל טיפער זעט מען קלאָר — פאַר פינף טעג אַרבעט, פיר טאָג עסן.

די בריגאַדע זיצט רויק, איינער נעבן אַנדערן, כמעט ווי איין גרויסע משפחה. ווער עס האָט אַ ביסל מאַכאָרקע רויכערט שווייגנדיק און מיידט אויס דעם שכנס בליק...

דער בריגאַדיר דערציילט עפּעס. אַנדריי פּראָקאָפּאָוויטש האָט פיינט רעדן גלאַט אין דער וועלט אַריין. אויב דערציילט ער, האָט עס האַפט און עס איז שטענדיק פון טיפן האַרצן. ער זיצט אָן אַ היטל — נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט זיך עסן אַנדערש ווי בגלוי־ראש. אָן היטל זעט ער אויס פיל עלטער ווי געוויינלעך: דער שיין פון צעגליטן אייוונדל פאַלט אויף זיין קורץ געשוירענעם קאָפּ און באַלייכט, ווי ספּעציעל, די היפּשע צאָל גרויע

האָר. די וואָס זיצן נאָענט פון בריגאַדיר הערן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט:
— ...איך האָב כסדר מורא געהאַט פאַרן באַטאַליאָנעם־קאָמאַנדיר, ווי ערשט אַז כ׳בין געשטאַנען פאַרן קאָמאַנדיר פון פּאָלק, כ׳האָב ממש געציטערט: „דער רויט־אַרמייער טיורין מעלדעט זיך אויף אייער באַפעל...״ ער האָט אַ הייב געטאָן די ברעמען: „אייער נאָמען? דעם פאָטערס נאָמען?״ כ׳האָב געענטפערט. ער פרעגט ווייטער: „ווען געבוירן?״ כ׳האָב נאָכאַמאָל געענטפערט. דעמאָלט, אין 1930־טן, בין איך אַלט געווען אינגאַנצן איין און צוואַנציק יאָר, אַ קעלבל נאָך געווען. „נו, ווי דינט זיך עפּעס, טיורין?״ — „איך דין דעם אַרבעטנדיקן פאָלק!״ דאָ איז ער אונטערגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער און גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן איבערן טיש: „דעם אַרבעטנדיקן פאָלק דינסטו? ווער ביסטו דאָס אַזוינס, מנוול איינער?!״ כ׳האָב געפילט ווי די קישקעס דרייען זיך מיר איבער, נאָר דאָך זיך געשטאַרקט. „איך בין אַ פולעמיאָטשיק, ערשטער נומער ביים פולעמיאָט, אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר מיליטערישער און פּאָלי...״
— „וואָס פאַראַ פולעמיאָטשיק ביסטו, האַדיוקע איינער? דיין טאַטע איז אַ קולאַק! אָט איז אָנגעקומען פון קאַמיען אַ פּאַפּירל; דאָס צווייטע יאָר ווי זיי זוכן דיך אַרום.״
כ׳בין געוואָרן ווייס ווי קרייד, נישט געקאָנט פון זיך קיין וואָרט אַרויסברענגען. אַ יאָר צייט ווי כ׳האָב אַהיים אפילו קיין אות נישט אָנגעשריבן, נישט געוואָלט מ׳זאָל קומען אויף מיינע שפּורן. די משפּחה האָט נישט געוווּסט וואָס מען הערט ביי מיר, און איך האָב פון זיי גאָרנישט געוווּסט. „ווי אַזוי האָסטו עס, — האָט ער ווייטער געשריגן — געקאָנט אָפּנאַרן די אַרבעטער און פּויערים מאַכט?!״ כ׳האָב געמיינט אַז ער וועט מיך נעמען שלאָגן, אָבער ניין, ער האָט נישט געשלאָגן, בלויז אונטערגעשריבן אַ פּאַפּירל...
נאָך זעקס שעה בין איך שוין געשטאַנען פון יענער זייט קאַזאַרמע. ס׳איז געווען נאָוועמבער. זיי האָבן פון מיר אַראָפּגעריסן דעם ווינטער־אוניפאָרם און געגעבן אַ זומערדיקן, דערצו אַן אָפּגעטראָגענעם. אַ שינעל האָב איך באַקומען אַ היפּש צו קורצן. און איך, שוטה, האָב דאַן נישט געוווּסט אַז כ׳מוז נישט אָוועקגעבן דאָס ווינטער־אָנטאָן אַז כ׳קאָן זיי

שיקן צום... אַ פּאַפּירעלע האָבן זיי מיר געגעבן, נאָר אַזאַ יאָר אויף זיי: „פלוני בן פלוני, אַ זון פון אַ קולאַק איז באַפרייט געוואָרן פון...״ מיט אַזאַ פּאַפּירל וואָרט נאָר מ׳זאָל דיך ערגעץ נעמען צו אַרבעט. פיר מעת לעת האָב איך געדאַרפט פון דאָרט פאָרן מיט דער באַן אָבער צידה לדרך האָב איך באַקומען נאָר אויף איין טאָג...

...אין אַכט און דרייסיקסטן יאָר, ווען כ׳בין געווען אין קאָטלאַסער דורכגאַנגס־לאַגער האָב איך, דרך אגב, דאָרט געטראָפן מיין געוועזענעם באַטאַליאָנעם קאָמאַנדיר. ער האָט אויך אַריינגעכאַפּט אַ צענערל. פון אים בין איך טאַקע געוווּיר געוואָרן אַז דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק און דער פּאָליט־קאָמיסאַר זענען אין זיבן און דרייסיקסטן, דערשאָסן געוואָרן. דאָרט האָט שוין נישט געשפּילט קיין ראָל צי זיי זענען געווען קולאַקישע זין אָדער ריינע פּראָלעטאַריער... כ׳האָב זיך איבערגעצלמט: „פון דעסטוועגן ביסט דו פאַראַן, גאָט, אין די הימלען דיין ארך אפּים איז גרויס אָבער דו קאָנסט אויך שטראָפן״.

נאָך די צוויי פּאַרציעס קאַשע וועלכע שוכאָוו האָט היינט אויפגעגעסן אויף מיטאָג האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט פאַררויכערן. אַזוי ווי ער האָט געהאַט געקלערט איינהאַנדלען ביים לעט, דעם פון זיבעטן באַראַק, צוויי גלעזער מאַכאָרקע האָט ער זיך אויף דעם סמך געקאָנט דערלויבן בעטן ביים שכן זיינעם, דעם עסטאָניער:

— א, עינאַ, ליי מיר, ביז מאָרגן, אַ ביסעלע טאַבאַק, בלויז אויף איין ציגאַרעטל. נישט מער, ווייסט דאָך אַז שוכאָוו בלייבט נישט קיין בעל־חוב.

עינאַ האָט צוערשט דורכדרינגלעך געקוקט שוכאָוון אין די אויגן, דערנאָך פּאַמעלעכקע איבערגעפירט דעם בליק אויף דעם חבר זיינעם, דעם עסטאָניער, וואָס מ׳האָט געמיינט אַז ער איז זיין ברודער. מ׳האָט טאַקע אַזוי געקאָנט קלערן. אַלץ איז ביי זיי שותפות. קיין ברעקעלע טאַבאַק וועט דיר איינער אָן וויסן פון צווייטן נישט אָוועקגעבן. זיי האָבן צוערשט עפּעס געריד׳ט צווישן זיך, אויף זייער לשון, און ערשט דערנאָך האָט עינאַ אַרויסגעצויגן זיין אויסגעהאַפּטן טאַבאַק־בייטעלע און דערלאַנגט פון דאָרט, אין די שפּיץ־פינגער, אַ ביסל פּאַבריטשנע־

געשניטענעם טוטין. אויסגעשאָטן אים אויף שוכאָווס דלאָניע, אָפּגעמאָסטן מיטן בליק, האָט ער נאָך אַ מאָל דערלאַנגט מיט די פינגער אין זעקעלע און צוגעלייגט נאָך אַ ביסעלע אָבער חס וחלילה נישט מער ווי אויף איין קרוטקע.

אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר האָט שוכאָוו גראָד געהאַט. ער האָט אָנגעשאָטן דערויף דעם באַקומענעם טוטין, פאַרדרייט אַ ציגאַרעטל, אָנגעבויגן זיך צו אַ פּיצל טליענדיקע קויל, וואָס איז גראָד אַרויסגעפאַלן פון אייזונדל און דערין פאַררויכערט. איינמאָל פאַרצויגן, אַ צווייט מאָל, האָט ער גלייך דערפילט ווי אַ מין שיכרות צעגייט זיך אים איבערן קערפּער, איבער די פיס, אינעם קאָפּ.

נאָר באַוויזן פאַררויכערן, ווי פון ווייטנס האָבן זיך אויף אים אָנגע־שטעלט צוויי גרינע גליענדיקע אויגן: פעטיוקאָוו! ס'וואָלט אפשר כדאי געווען, צוליב רחמנות, איבערלאָזן אים אַ שטיקל ציגאַרעט. ער האָט דאָך שוין אָבער היינט גערויכערט, דער שאַקאַל. בעסער געבן דעם טויבן סעניאַ קלעוושין, וועלכער זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, נאָענט פון בריגאַדיר, און הערט צומאָל נישט וואָס יענער דערציילט.

דער שיין פון אייזונדל פאַלט אויפן געשטופּלטן פּנים פון בריגאַדיר. און ער גייט ווייטער מיט זיין דערציילונג:

— איך האָב אַראָפּגעצויגן פון זיך וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, און עס פאַרקויפט פאַר אַ שיבוש. פאַר די פּאָר רובל האָב איך איינגע־האַנדלט צוויי לאַבנס ברויט. עס איז שוין דאַן איינגעפירט געווען דער קאַרטן־סיסטעם. עס וואָלט אפשר מעגלעך געווען דערקלייבן זיך אַהיים מיט אַ לאַסטצוג, אָבער עס זענען געווען אַרויס אַזעלכע געזעצן וואָס האָבן פאַר אַזאַ מין חטא פאָרויסגעזען זייער האַרבע שטראָפן. ווער עס געדענקט, דער ווייס אַז צו יענע צייטן האָט מען פאַר געלט קיין בילעט נישט געקאָנט קריגן, ווי ערשט אָן געלט? בילעטן זענען געווען בלויז פאַר פּריווילעגירטע... אַרויסבאַקומען זיך אויפן פּעראָן איז געווען אוממעגלעך. דעם אַרויסגאַנג האָט געהיטן מיליציע, ביידע זייטן סטאַנציע זענען געווען באַוואַכט פון אָכראַניקעס. די זון, אַ קאַלטע, האָט זיך

אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידעריקער אויף מערב. אַ פּרעסטל האָט גענומען פאַרציען די לוזשעס: ווו נעכטיקט מען?...

איך האָב דאָך באַוויזן אַריבערקריכן אַ געמויערט ווענטל און אויס־באַהאַלטן זיך אין קלאָזעט. אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע, געזען אַז קיינער יאָגט זיך נישט נאָך מיר, בין איך מעשה סאָלדאַטיק־מאַטאַזשיר אַרויס אויפן פּעראָן. אַקעגנאיבער דעם וואָקזאַל איז גראָד געשטאַנען דער צוג־וולאַ־דיוואָסטאָק־מאָסקווע. די פּאַסאַזשירן זענען אַרויס פון די וואַגאָנען און געלאָפן נאָך קיפּיאַטאָק. נעבן קראַן מיט געזאָטענעם וואַסער איז געווען אַ שרעקלעכער געדראַנג, דער עולם האָט זיך באַלייגט מיט קעסעלעך איבער די קעפּ. און דאָ האָב איך דערזען אַ מיידעלע אין אַ בלויער בלוזקע מיט אַ צוויי־ליטערדיקן טשייניק אין האַנט. זי האָט זיך געשראָקן צוגיין נעענטער צום קראַן. מ׳וואָלט זי דאָרט זיכער צעקוועטשט. „האַלט מיינע לאַבנס ברויט, זאָג איך איר, און איך וועל אָננעמען פאַר דיר געזאָטן וואַסער!״ ביז כ׳האָב אָנגענומען וואַסער איבעם טשייניק האָט דער צוג געריקט פון אָרט. דאָס מיידעלע ווייסט נישט וואָס זי האָט צו טאָן: האַלט די לאַבנס ברויט, וויינט, זי וואָלט שוין גערן געלאָזן דעם טשייניק. „לויף, שריי איך צו איר, כ׳וועל שוין דעריאָגן!״ זי לויפט און איך נאָך איר. אָנגעיאָגט דעם צוג האָב איך צום ערשטן איר געהאָלפן אַרויפכאַפּן זיך אויפן טרעפּל, דערנאָך ערשט אַליין. דער קאָנדוקטער האָט מיך נישט אַראָפּגעשטופּט, אפשר געמיינט אַז איך בין איינער פון די סאָלדאַטן וואָס פאָרן ביי אים אין וואַגאָן.

שוכאָוו האָט אַ שטויס געטאָן סעניאַ קלעוושינען: נעם, רוינער, שלימזל איינער. ער האָט עס אַוועקגעגעבן צוזאַמען מיטן הילצערנעם פּאַפּיראָסן־האַלטער, זאָל ער הנאה האָבן, עס וועט דעם גאָרנישט געשען.

דער טשודאַק סעניאַ האָט מיט אַרטיסטישן זשעסט צוגעלייגט די האַנט צום האַרץ און געשאָקלט מיטן קאָפּ. און טאַקע: וואָס קאָן מען פאַרלאַנגען פון אַ טויבן!...

דער בריגאַדיר דערציילט ווייטער:

— זעקס מיידלעך זענען זיי געווען אין קופּע, לענינגראַדער סטודענטינס, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אַהיים פון פּראַקטיק. אויפן טישל איז געלעגן

פוטער און נאָך גוטע זאַכן; די מאַנטלען זענען אַקוראַטנע געהאַנגען אויף די וועשעלקעס און געוויגט זיך צום טאַקט, די טשעמאָדאַנטשיקעס זייערע — מיט אַ שיינעם איבערציג. וואָס עס איז אַזוינס לעבן האָבן זיי נישט געוווּסט — פאַר זיי האָבן די סעמאַפאָרן געלויכטן מיט גרינע ליכט... מירן געשמועסט, זיך געוויצלט, צוזאַמען טיי געטרונקען. און איר, פרעגן זיי מיך, פון וועלכן וואַגאָן זייט איר? ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי דערציילן דעם אמת: איך קום פון אַזאַ וואַגאָן וועלכער איז נישט פאַר אייך...

אין דער האַליע איז געווען שטיל, כמעט אַלע זענען געזעסן אַרום דעם צעגליטן אייוונדל.

— זיי האָבן זיך באַראַטן, די מיידלעך, געקרעכצט, געקרעכצט און דאָך מיך געלאָזן אויף דער דריטער פּאָליצע, אַפילו איבערגעדעקט מיך מיט די מאַנטלען, אַזוי בין איך דערפאָרן ביז נאָוואָסיבירסק... איינער פון זיי האָב איך, דרך אגב, שפּעטער אָפּגעדאַנקט. דאָס איז געווען אין אַ לאַגער ביי דער פּיעטשאָרע: זי איז אַרעסטירט געוואָרן אין פינף און דריי־סיקסטן בעת דער מעשה קיראָוו. ס׳איז געווען שלעכט מיט איר און כ׳האָב איר אַרויסגעהאָלפן.

— אפשר שוין פאַנאַנדערפירן די וואַפנע? — האָט פּאַוולאָ שטיל געפרעגט ביים בריגאַדיר.

יענער האָט נישט געענטפערט.

— אַהיים בין איך אָנגעקומען ביינאַכט, אַריין דורכן גאָרטן, כדי שכנים זאָלן נישט באַמערקן. אַוועק בין איך אויך ביינאַכט. גענומען מיט זיך דעם קלענערן ברודער, האָבן מיר זיך געלאָזט אַהין ווו ס׳איז וואַרעמער, קיין פרונזע. עס איז נישט געווען וואָס צו עסן און מיר האָבןביידע געהונגערט. אויף דער גאַס אין פרונזע האָט מען געקאָכט אַספאַלט. אַרום קעסל זענען געזעסן בלויז אורקעס; כ׳האָב זיך צוגעזעצט צו זיי: „הערן האָלאָדראַנצעס! העלפט מיר אַרויס; נעמט צו זיך מיין ברודערל אויף דער לער, לערנט אים לעבן!” זיי האָבן אים גענומען... ס׳טוט מיר באַנג וואָס כ׳בין אַליין נישט צוגעשטאַנען צו דער בלאַטער חברה...

— און איר האָט שוין קיין מאָל מער אייער ברודער נישט געזען? — האָט בוינאָווסקי זיך אָנגערופן.

טיורין האָט אָפּגעגענעצט:

— ניין, קיין מאָל נישט.. נו, יאַטן נישט געזאָרגט. דאָ, אויף דער „טעץ", וועלן מיר מאַכן אַ לעבן... ווער ס'איז באַשטימט צום מישן צעמענט איז היידאַ געגאַנגען צו דער אַרבעט, מ'דאַרף נישט וואַרטן ביזן פייפן.

אָטאָ דאָס איז אַ בריגאַדע: אַ נאַטשאַלניק וועט דיך אין די אַרבעטס־שעהן נישט רירן מיט זיינע ווערטער אָבער אַ בריגאַדיר אַפילו בעת אַן איבעררייס; אויב זאָגט ער — אַרבעטן, הייסט אַרבעטן. דאָס איז דערפאַר ווייל ער קאָרמעט דיך. אַ חוץ מזה וועט ער נישט טרייבן ווען מ'דאַרף נישט.

אויב מ'נעמט שוין מישן צעמענט קאָן אַ מויערער נישט בלייבן זיצן. שוכאָוו האָט אַ קרעכץ געטאָן אָבער זיך אויפגעהויבן.

— מ'עט דאַרפן גיין פריער דאָס אייז צעהאַקן.

גענומען די בייטיקע כלים האָט ער זיך געלאָזן צו זיין אַרבעטס־אָרט.

קילגאַס, מיט דער ראָזעווער צורה, האָט קרום אַ קוק געטאָן אויף שוכאָוון, ס'איז אים נישט געפעלן וואָס שוכאָוו נעמט זיך אַרבעטן נאָך איידער דער בריגאַדיר האָט באַפוילן. ער אַליין, דער ליסער קילגאַס, האָט אַ קנאַפּע דאגה צי ס'וועט זיין צוויי הונדערט גראַם ברויט מערער אָדער ווייניקער — ער וועט אַזוי ווי אויסלעבן פון זיינע פּאָסילקעס.

דאָך הייבט ער זיך אויף, ער פאַרשטייט אַז מ'קאָן נישט פאַרהאַלטן די בריגאַדע.

— וואַרט צו, וואַניאַ, איך גיי אויך.

עס וועט אים גאָרנישט געשען דעם גראָבן קילגאַס, ווען ער וואָלט פאַר זיך געאַרבעט וואָלט ער נאָך גיכער אויפגעשטאַנען.

(שוכאָוו האָט זיך צוגעאיילט אויף דערפאַר ווייל די אינסטרומענטן־אָפּטיילונג האָט נאָר געהאַט איין ווערטיקאַל־מעסטער וועלכן ער האָט געוואָלט כאַפּן נאָך פאַר קילגאַסן).

פּאַוולאָ האָט זיך געוואָנדן צום בריגאַדיר:

— זיי דאַרפֿן אין דרייען לייגן ציגל? אפֿשר צוגעבן נאָך איינעם? כ׳ווייס, ס׳קאָן אַמאָל נישט סטאַיען קיין וואַפּנע?

דער בריגאַדיר האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט.

— איך וועל זיך שטעלן אַלס פֿערטער און דו פּאַוולאָ, היט צו ביים צעמענט. דער מולטער איז אַ גרויסער. שטעל אַוועק ביי אַ זעקס מענטשן און זע ס׳זאָל קיין איבעררייס נישט זיין.

— עך! — פּאַוולאָ איז אַזש אונטערגעשפּרונגען. אַ יאָט איז ער אַ בראַווער, יונג בלוט, נאָך אין די לאַגערן נישט קאַליע געוואָרן, אויפֿן פּנים ביי אים זעט מען נאָך אָן די אוקראַיִנישע האַלקעס — אויב איר וועט אַליין מויערן וועל איך מישן צעמענט! מירן זען ווער וועט מערער אויפֿטאָן? ווו איז אַ גרעסערע לאָפּאַטע?

דאָס הייסט אַ בריגאַדע. ווען ס׳זאָל ווער באַפֿעלן פּאַוולאָן, דעם וואָס האָט געבלאָנקעט איבער וועלדער מיט געווער אויפֿן אַקסל, דערפֿער באַפֿאַלן, אַז ער זאָל גיבן אַ פּלייצע, יענער וואָלט געבליבן ביים ריידן, עפּעס אַנדערש איז ווען דער בריגאַדיר הייסט!

ווי נאָר שוכאָוו מיט קילגאַסן זענען אַרויף צום צווייטן שטאָק האָט זיך גלייך דערהערט נאָך אַ סקריפּן איבער דער לייטער. דאָס איז סעניאַ; ער האָט זיך דערטראַכט דער טויבער.

די ווענט אויפֿן צווייטן שטאָק האָט מען ערשט אָנגעהויבן מויערן, נאָר געלייגט דריי שיכטן ציגל. דאָס איז די פֿאַזע ווען דאָס מויערן גייט צום שפּאַרסטן, מ׳דאַרף נאָך נישט די רושטאָוואַניעס.

פֿון די רושטאָוואַניעס וואָס זענען דאָ פֿריער געווען איז קיין שפּור נישט געבליבן, אַלץ איז צעשלעפּט געוואָרן, דאָס האָבן די אַרעסטאַנטן אָדער אויף אַנדערע בויונגען אַוועקגעטראָגן אָדער פּשוט אין די אייוונדלעך פֿאַרברענט — אַבי ס׳זאָל נישט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון אַן אַנדערער בריגאַדע. איצט מוז מען אַלץ מאַכן פֿון דאָס ניי, און דאָס וואָס גיכער, אויב נישט וועט די אַרבעט שטיין בלייבן.

פֿון דאנען אויס זעט זיך די גאַנצע זאָנע, אַ פֿאַרשנייטע, אַ פּוסטע (די זעקעס באַהאַלטן זיך, וואַרעמען זיך, וואַרטן אויפֿן פּייף), די וואַכ־

טורעמס, שוואַרצע סטאָלבעס. אָקעגן דער זון זעט מען נישט אָן די שטעכל־דראָטן. די זון פאַרבלענדט, מ׳קאָן קוים די אויגן עפענען.

נישט ווייט איז די דאַמף־מאַשין וועלכע שטעלט צו עלעקטראָ־ענערגיע. צוערשט פאַרקאָפּטשעט זי דעם הימל און דערנאָך הייבט זי אָן הייזעריק אָטעמען. דאָס איז ביי איר שטענדיק אַזוי איידער זי לאָזט אַרויס פון זיך דעם פייף. אָט־אָ פייפט זי. קיין סך האָבן מיר נישט אויפגעטאָן.

— עי, סטאַקהאַנאָוויעץ! דו מיטן ווערטיקאַל־מעסטער, ריר זיך שנעלער — טרייבט קילגאַס אונטער.

— קוק בעסער וויפל אייז ס׳איז נאָך אויף דיין מויער פאַרבליבן; וועסט האָבן צו טאָן ביז אָוונט. אומזיסט מיט זיך די מויערער־קעלניע געשלעפּט— האָט שוכאָוו צוריקגעענטפערט.

זיי האָבן געקלערט זיך שטעלן מויערן יעדער צו זיין וואַנט, אַזוי ווי ס׳איז איינגעטיילט געוואָרן פאַרמיטאָג, אָבער דאָ האָט זיך דער בריגאַדיר אָנגערופן:

— העי, חברה! כדי די וואַפּנע אין מולטער זאָל נישט פאַרפרירן וועלן מיר זיך שטעלן צו צוויי. שוכאָוו! געם קלעוושינען, איך וועל מיט קילגאַסן. גאָפּטשיק וועט מיך דערווייל פאַרטרעטן ביים אָפּרייניקן דאָס אייז.

שוכאָוו מיט קילגאַסן האָבן זיך איבערגעקוקט און מסכים געווען. אַזוי וועט טאַקע די אַרבעט זיין שפּאָרער.

— און — מ׳האָט זיך גענומען צו די העק.

שוכאָוו האָט שוין איצט נישט געזען מער דעם ווייטן האָריזאָנט ווי די זון שפּיגלט זיך אין שניי, נישט ווי די אַרעסטאַנטן זענען זיך צעגאַנגען איבער דער זאָנע, יעדער צו זיין אַרבעט — ווער גראָבן גריבער, נאָך פון דער פרי צעדאָלבעטע, ווער אַרמאַטור פעסטיקן, ווער טראָגן קראָקוועס צו די וואַרשטאַטן אַרויף. ער האָט איצט נאָר געזען זיין וואַנט, די טרעפּלעך וואָס זענען אַנטשטאַנען ביים ציגל לייגן און אַביסל ווייטער קילגאַסעס וואַנט מיט וועלכער זיינע וועט זיך דאַרפן צונויפגיין. אָנגעוויזן סעניאָן ווי אַזוי מ׳דאַרף צעהאַקן דאָס אייז, האָט ער דערווייל אַליין באַטראַכט

די וואַנט וועלכע ס'האָט ביז דאָ אַרויפגעצויגן אַן אומבאַקאַנטער איז מויערער, אַזאַ וואָס האָט אָדער נישט געקאָנט די מלאכה אָדער פשוט, באַוווסטזיניק געפּושעט. איצט מוז ער זיך צוגעוווינען צו דער וואַנט, צונויפלעבן זיך מיט איר. אָט אָ דאָ וועט מען מוזן אויסגלייכן; מיט איינמאָל וועט עס זיך נישט לאָזן, ערשט נאָך דריי שיכטן, צולייגנדיק יעדעס מאָל אַ ביסל מער וואַפּגע. דאָ ווידער, פון דרויסן, האָט די וואַנט אַ שטיקל בויך, מ'וועט דאַרפן אַריינציען, אָבער אויך ערשט נאָך צוויי שיכטן. שוכאָוו האָט מיטן אויג צעטיילט די וואַנט, איינגעשטעלט אַ נישט זעבאַרע גרענעץ ביז וואַנען ער וועט לייגן ציגל און פון וואַנעט סעניאַ וועט גיין אויף רעכטס ביז קילגאַסעס ווינקל. קילגאַס וועט זיך זיכער נישט קאָנען איינהאַלטן און פאַרקריכן אויף סעניאַס זייט. אַזוי וועט אַוועק אַן אַרבעט און אונדזער פּאָרל וועט נישט בלייבן הינטערשטעליק. אין דמיון האָט ער שוין געזען ווי און וויפל ציגלבלאָקן ער וועט דאַרפן און נאָר באַמערקט די ציגל־טרעגער האָט ער גלייך אַ ליאַרעם געטאָן אויף אַליאָשקען:

— דאָ אַהער! אָטאָ דאָ לייג אַוועק! דאָ אויך.

סעניאַ קלעוושין האָט זיך אַלץ געפּאָרעט ביים צעהאַקן דאָס אייז. שוכאָוו האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם דראָטענעם בעזעם און גענומען שייערן די מויער אַהין אַהער, און נאָכאַמאָל צוריק, ביז די פוגעס צווישן די ציגל־בלאָקן זענען מער ווייניקער געוואָרן ריין.

דערווייל איז אַרויפגעקומען דער בריגאַדיר. בעת שוכאָוו האָט זיך נאָך געצאַצקעט מיטן בעזעם האָט יענער באַוויזן אַוועקשטעלן אין ווינקל פון מויער דעם צאָלשטאָק. שוכאָוו און קילגאַס האָבן דאָס זעלבע שוין פריער געטאָן.

— העי — שרייט פון אונטן פאַוולאָ — פאַראַן לעבעדיקע מענטשן אין דער הייך? נעמט די וואַפּנע!

שוכאָוו האָט געפילט ווי אַ שווייס וואַלט אים באַגאָסן: ער האָט נאָך נישט אָנגעשפּאַנט דעם ריכט־שנור! ער באַשליסט אָנציען אים נישט אויף איין שיכט, נאָר גלייך מיט זאַפּאַס פאַר דריי מיטאַמאָל. כדי סעניאַן זאָל זיין אַביסל גרינגער האָט שוכאָוו זיך גענומען אַ שטיקל מערער

אויסערלעכע־זייט וואַנט, איבערלאָזנדיק יענעם דעם אינעווייניקסטן, ווו דער ציגל מוז נישט געלייגט ווערן אַזוי אַקוראַטנע.

אָנציענדיק דעם שנור האָט ער אַ וווּנק געטאָן צו סעניאַן, געגעבן פאַרשטיין ווו מ׳דאַרף אָנהייבן מויערן. דער טויבער האָט עס באַנומען; פאַרביסן די ליפּן און אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אין בריגאַדירס זייט, וואָס האָט געזאָלט באַדייטן: מ׳וועט זיך נישט לאָזן, מ׳עט נישט בלייבן הינטערשטעליק!

מיט דער לייטער־טרעפּ אַרויף האָט מען שוין געטראָגן וואַפּנע. אַכט זעקעס זענען באַשטימט צו דער דאָזיקער אַרבעט. דער בריגאַדיר האָט באַשלאָסן אַז די וואַפּנע וועט נישט איבערגעלייגט ווערן אין קלענערע מולטערס, נעבן די מויערער — צו וואָס דאַרף זי איבעריק פרירן? — זי וועט גענומען ווערן דירעקט פון די גאָסילקעס: לייגט ברידערלעך גלייך אויף דער וואַנט! פאַר דער צייט וואָס די וואַפּנע־טרעגער וועלן דאַרפן וואַרטן, אין דער הייך, ביז זייערע נאָסילקעס וועלן זיך אויסנעמען, קאָנען זיי דערווייל העלפןביים צוטראָגן נעענטער צו דער מויער די ציגל־בלאָקן. ווען ס׳וועט אַרויפגעטראָגן ווערן פרישע וואַפּנע וועלן זיי אַראָפּגיין מיט זייערע נאָסילקעס, אָוועקשטעלן זיי נעבן אויוון אָפּטייען און אַליין דערביי אויך אַריינכאַפּן אַ ביסל וואַרעמקייט.

מ׳האָט אַרויפגעבראַכט צוויי נאָסילקעס מיטאַמאָל — פאַר קילגאַסעס וואַנט, און פאַר שוכאָוו. פון דער וואַפּנע כאָטש זי איז קאַלט, שלאָגט אַ פּאַרע. ווען מ׳נעמט זי אויף דער קעלניע טאָר מען נישט געגעצן ווייל נישט וועט זי צופרירן און ס׳וועט אויסקומען אָפּהאַקן מיט אַ האַמער. וועסט אַוועקלייגן דעם ציגלבלאָק נישט אַזוי ווי מ׳דאַרף, וועט ער שוין אַזוי בלייבן. רירן אים פון אָרט וועט זיין אַ שווערע מעשה.

שוכאָוו טוט זיין מלאָכה מיט שכל. נישט אַלע ציגלבלאָקן זענען אָבער גלייכע: איינער האָט אַן אָפּגעהאַקטן ווינקל, אַ צווייטער אַ צעקוועטשטע ריפּ, אָדער גאָר אַן אָנוווּקס. שוכאָוו כאַפּט דאָס אַלץ אויף: ער זעט ווי דער ציגל בעט זיך לייגן, און דאָס אָרט אויף דער מויער וואָס וואַרט אויף אים.

שוכאָוו נעמט אָן אַ קעלניע וואַפּנע, אָבער נישט מער ווי מ׳דאַרף,

וואַרפֿט זי אויף דער מויער, גלייכט אויס און פּאַרדעקט גלייך מיט אַ ציגל. געמען אין האַנט דעם ציגלבלאָק מוז מען פּאָרזיכטיק. חלילה נישט צערייסן דערביי די העגטשקעס. איצט בלייבט אַ קלאַפּ טאָן דעם ציגל מיטן קאַנט פֿון קעלניע, אַז ער זאָל ליגן גלייך. ביז וואָס ווען איז ער שוין צוגעפרוירן.

אויב אַביסל וואַפּנע איז אַרויסגעקוועטשט פֿון דער זייט מוז מען עס וואָס גיכער אָפּהאַקן מיט דער קעלניע און אַראָפּשליידערן פֿון מויער (זומער־צייט גייט עס אונטער אַן אַנדערן ציגל, איצט איז נישטאָ וואָס צו קלערן דערוועגן), מען מוז נאָכאַמאָל אויפּפּאַסן צי מיט די אונטערשטע פֿוגעס איז אַלץ אין אָרדענונג. ס'האָט געקאָנט זיין אַז דער ציגל איז נישט געווען גלייך, און מען מוז צוואַרפֿן אַ ביסל וואַפּנע. ער כאַפּט אַ בליק אויף דער הייך, אויף דעם ריכט־שנור — ס'איז ווי באַדאַרף צו זיין. גו, ווייטער!

די אַרבעט גייט. ס'איז נאָר שווער לייגן די ערשטע צוויי שיכטן, פֿאַר־דעקן די אַלטע עבירות. דערנאָך וועט שוין אַוועק גלאַטיק. דערווייל מוז מען גוט קוקן!

שוכאָוו האָט אונטערגעיאָגט די אויסערלעכע זייט מויער, צו סעניאַן אַנטקעגן. אויך סעניאַ איז נישט געשלאָפֿן און אַלץ מער אָפּגערוקט זיך פֿון בריגאַדיר. ער איז שוין גאָר נאָענט פֿון דאַנען.

ער טוט אַ ווונק צו אַ וואַפּנע־טרעגער: אַהער, אַהער דערלאַנגט! די אַרבעט ברענט אונטער די הענט, נישטאָ קיין צייט ווען די נאָז אָפּצווישן.

ווען ער מיט סעניאַן האָבן זיך דערגענטערט איינער צום אַנדערן און אָנגעהויבן נעמען וואַפּנע פֿון איין נאָסילקע איז זי באַלד ליידיק געוואָרן.

— וואַפּנע! — שרייט שוכאָוו.

— שוין! — האָט געענטפֿערט פּאַוולאָ.

מ'האָט געבראַכט פֿרישע נאָסילקעס. איינס, צוויי, און זיי זענען אויסגעליידיקט געוואָרן. ס'ערשט אַרויסגענומען די שיטערע וואַפּנע און די צו די ווענטלעך צוגעפֿרוירענע — געלאָזן; קראַצט אַליין אויס! גו, אַ גאַנג, אַ צווייטע!

שוכאָוו, פּונקט ווי די אַנדערע מויערער, האָט אויפֿגעהערט פֿילן

דעם פראָסט. פון דער אינטענסיווער אַרבעט איז איבער אים אַדורך די ערשטע וואַרעמקייט, אַזאַ וואַרעמקייט פון וועלכער עס ווערט אַביסל נאַס אונטערן באַשליק, אונטער דער פופייקע, אונטער דעם אויבערשטן און אונטערשטן העמד. ער האָט נישט אָפּגעשטעלט די אַרבעט. ווייטער געיאָגט. אין אַ שעה אַרום האָט אים אַרומגענומען די צווייטע וואַרעמקייט, די פון וועלכע דער שווייס טריקנט אויס. צו די פיס, האָט זיך דער פראָסט נישט דערקליבן. — דאָס איז דאָס וויכטיקסטע! אַלץ איבעריקע איז אַ גאָרנישט, אַפילו דער דורכנעמעדיקער ווינט האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער אַרבעט. בלויז קלעוושין קלאַפּט אַ פוס אין אַ פוס. דער שלימזל האָט אַ זעקסאונפערציקסטן נומער פוס, און וואַליקעס האָט מען אים געגעבן פון פאַרשידענע פּאָרן, ענגע.

דער בריגאַדיר לאָזט זיך פון צייט צו צייט הערן: „וואַפּ־נע!" שוכאָוו שטייט אויך נישט אָפּ: „וואַפּ־נע!" ווער עס ציט די אַרבעט פאָרויס ווערט אַליין אַ שטיקל בריגאַדיר. שוכאָוו זעט ער זאָל נישט בלייבן הינטער־שטעליק; ער וואָלט איצט אַפילו אַ לייבלעכן ברודער נישט געשוינט און אים אונטערגעטריבן מיט די נאָסילקעס איבער די טרעפּ.

פאַר מיטאָג האָט בויניאָווסקי געטראָגן די נאָסילקעס צוזאַמען מיט פעטיוקאָוון, ער האָט עס געמאַכט זייער אומגעשיקט. שוכאָוו האָט אים איידל דערמאָנט:

— קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג, גיכער! קאַפּיטאַן!

וואָס ווייטער האָט בויניאָווסקי אָנגענומען אַלץ מער דערפאַרונג און ס'איז אַוועק בעסער. פעטיוקאָוו איז דערפאַר געוואָרן פוילער: ער טראָגט, דער הינטישער זון, די נאָסילקעס, בייגט זיי איבער אויף אַ זייט, גיסט אויס די וואַפּנע, ס'זאָל זיין גרינגער.

שוכאָוו האָט אים אַ שטורכע געטאָן אין פּלייצע:

— דו, פוילער הונט! ווען ביסט געווען דירעקטאָר האָסטו זיכער אונטערגעטריבן אַרבעטער, האַ?

— בריגאַדיר! — רופט דער קאַפּיטאַן — גיב מיר צו דער אַרבעט אַ מענטש! מיט דעם דר... וועל איך נישט אַרבעטן!

דער בריגאַדיר האָט זיי איבערגעשטעלט: פעטיוקאָוון אַראָפּגעשיקט

אונטן, וואַרפן די ציגלבלאָקן (אַוועקגעשטעלט אים איינעם אַליין, מ׳זאָל קאָנען איבערציילן וויפל ער וועט אַרויפוואַרפן) און צוגעגעבן אַליאָשקען, צום קאַפּיטאַן. אַליאָשקאַ איז אַ שטילער מענטש, מיט אים קאָמאַנדעוועט נאָר נישט דער, וואָס וויל נישט.

— פולן דאַמף מאַטראָס, פאָרויס! — האָט דער קאַפּיטאַן צוגעגעבן חשק — זעסט ווי מען אַרבעט!

— אַז מ׳דאַרף גיכער — זאָל זיין גיכער. ווי איר וועט הייסן.

און זיי זענען אַוועק מיט דער לייטער אַראָפּ.

אין דער בריגאַדע גייט איצט אַליין גלאַטיק.

דער בריגאַדיר שרייט אַראָפּ צו עמיצן. ווייזט אויס אַז אַן אויטאָ מיט ציגלבלאָקן איז געקומען. אַ האַלב יאָר איז קיין איינע נישט געווען, איצט האָבן זיי זיך צעלאָזן, אַזוי לאַנג קאָן מען אַרבעטן ווי לאַנג זיי פירן ציגל. דערווייל איז עס נאָר דער ערשטער טאָג, שפּעטער וועט מסתמא אויסקומען וואַרטן.

דער בריגאַדיר בייזערט זיך. ס׳האָט עפּעס אַ שייכות מיטן הייבקראַן. שוכאָוו וואָלט וועלן וויסן וועגן וואָס. אָבער גישטאָ קיין צייט דערויף: ער גלייכט איצט אויס די וואַנט. די וואָפּנע־טרעגער דערציילן: עס איז געקומען דער מעכאַניקער צורעכט מאַכן דעם הייבקראַן און מיט אים דער אויפזעער איבער עלעקטרע־אַרבעטן, אַ פרייער, נישט קיין אַרעסטאַנט. דער מעכאַניקער פּאָרעט זיך, דער אויפזעער שטייט און קוקט.

אַזוי איז כסדר: איינער אַרבעט און דער צווייטער קוקט.

ווען מ׳וואָלט גיכער צורעכט געמאַכט דעם הייבקראַן וואָלט מען נישט געדאַרפט שלעפּן אויף זיך די ציגל און די וואָפּנע.

שוכאָוו האָט שוין געהאַלטן ביים דריטן שיכט (קילגאָס איז צום דריטן דערגאַנגען), ווען אויף דער לייטערטרעפּ אַרויף איז געקראָכן נאָך איין אויפזעער, נאָך איין נאַטשאַלניק — דער איבער די בוי־אַרבעטן. ער שטאַמט פון מאָסקווע. מ׳זאָגט אַז ער האָט געאַרבעט אין אַ מיניסטעריום.

שוכאָוו, וועלכער איז געשטאַנען נעבן קילגאָסן, האָט אָנגעוויזן אויף אים.

— לאָז מיך געמאַך — האָט קילגאָס אָפּגעענטפערט — איך וויל

מיט נאַטשאַלסטוואָ נישט האָבן קיין געמיינזאַמס. ווען ער וועט אַראָפּפאַלן פון לייטער וועסטו מיך רופן.

יעצט וועט ער זיך אַוועקשטעלן, דער דבר אחר, הינטער די פּלייצעס פון די מויערער און וועט קוקן. שוכאָוו קאָן זיי נישטליידן די אַלערליי אויפזעער. יעדער מאַכט דעם אָנשטעל אַז ער איז אַן אינזשיניער כאָטש אין דער אמתן איז ער אַ גאָרנישט. איינמאָל האָט ער געוואָלט ווייזן ווי אַזוי מ׳דאַרף מויערן האָט מען זיך געהאַלטן די זייטן פון געלעכטער. ביי אונדז, ברודערקע, קאָנסטו זיין אַן אינזשיניער ווען דו וועסט מיט די אייגענע הענט אַ הויז אויפשטעלן.

אין טיעמנאָגניעוו האָט מען פון קיין געמויערטע הייזער נישט געוווּסט — אַלץ הילצערנע. אַפילו די שול איז געווען פון ברעווענעס; זעקס סאַזשען קלעצער האָט מען צו איר פון וואַלד געבראַכט. אין לאַגער אַז מ׳האָט געדאַרפט אַ מויערער איז שוכאָוו געוואָרן אַ מויערער: מען ווערט נישט פריער געניט ביז מ׳האָט זיך נישט אָפּגעבריט.

ניין, ער איז נישט אַראָפּגעפאַלן פון די טרעפּ, דער דבר אחר, פאַרקערט, ער איז נאָך אַרויפגעלאָפן מיט פאַסאָן.

— טיו־רין — האָט ער זיך צעשריגן — טיו־רין!

גלייך נאָך אים, ווי געשטאַנען און געגאַנגען מיט דער לאָפּאַטע אין האַנט, איז אַרויפגעקומען פאַוולאָ.

אַ באַשליק טראָגט ער, דער אויפזעער, פונקט ווי יעדער אַרעסטאַנט, אָבער אַ נייעם און אַ ריינעם. אַ היטל, אַזוינס און אַזעלכעס, אַ לעדערנס, אָבער פונקט ווי ביי אַלעמען מיט אַ נומער: ב־731.

— נו? — האָט זיך טיורין געשטעלט מיט דער קעלניע אין האַנט. דער הוט אויפן בריגאַדירס קאָפּ איז אַ ביסל אַראָפּגעפאַלן אין אַ זייט.

עפּעס נישט געוויינטלעכעס קומט דאָ פאָר. אי ס׳ווילט זיך וויסן, אי מ׳קאָן די אַרבעט נישט אָפּשטעלן, די וואַפּנע וועט פאַרפרירן. שוכאָוו מויערט און הערט.

— וואָס מיינסטו זיך?! — שרייט יענער און די סלינע רינט ביי אים פון מויל — דאָס שמעקט מיט קאַרצער! שוכאָוו, דאָס איז קרימינאַל! וועסט אַריינכאַפּן נאָך אַ צענערל.

ערשט איצט האָט שוכאָוו פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף קילגאַסן — אויך ער האָט פאַרשטאַנען. עס גייט אין דער דאַך־פּאַפּע! יענער האָט זי באַמערקט.

שוכאָוו האָט זיך נישט געשראָקן, דער בריגאַדיר וועט אים נישט אויסגעבן. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַרן בריגאַדיר. פאַר די זעקעס איז אַ בריגאַדיר אַ פאָטער, פאַר זיי — אַ פּיעשקע. אין יענע לאַגערן, אויפן ווייטן צפון, וואָלט אַ בריגאַדיר פאַר אַזאַ מין זאַך אַרייַנגעכאַפּט נאָך אַן אורטייל.

ביי טיורינען האָט דאָס געדולד געפּלאַצט! ער האָט אַ וואָרף געטאָן די קעלניע און געמאַכט אַ טריט פאָראויס צום אויפזעער! יענער האָט זיך אומגעקוקט — פּאַוולאָ איז געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענער לאָפּעטע. נישט אַזוי פּשוט, ווייזט אויס, איז ער מיט איר דאָ אַרויפגעקומען...

אויך סעניאַ האָט פאַרשטאַנען אַז מ׳דאַרף צוגיין נעענטער. אַ פאַר ידים האָט ער, דער טויבער, ווי ס׳געהער צו זיין. דער אויפזעער האָט אַ בייסל אַראָפּגעלאָזן פון טאָן, אַרומגעקוקט זיך אַ דערשראָקענער, ווי ער וואָלט דעם נעכטיקן טאָג געזוכט.

דער בריגאַדיר האָט זיך איבערגעבויגן צו אים און שטיל, אויפן אויער, אַז כמעט אַלע האָבן געהערט אייַנגערוימט:

— אייערע צייטן, זאַראַזעס, זענען שוין פאַרביי! אויב וועסט נישט ליגן אייַנגעלייגט און וועסט נישט פאַרשטומט ווערן, וועט עס זיין דייַן לעצטער טאָג, פאַרגעדענק זיך דאָס!

דער בריגאַדיר קאָן זיך אַליין נישט באַהערשן פון כעס.

אויך פּאַוולאָ באַטראַכט דעם אויפזעער מיט אַ פּאָר אויגן ווי בריטוועס.

— היצט זיך נישט חברה, נישטאָ איבער וואָס! — האָט דער אויפזעער אַ בלייכער זיך אָפּגערוקט, וואָס ווייטער, פון דער טרעפּן־לייטער.

טיורין האָט שוין קיין וואָרט מער נישט געזאָגט, פאַפּראַווועט דאָס היטל אויפן קאָפּ, אויפגעהויבן די צעבויגענע קעלניע, און אַוועק צו זיין מויער.

אויך פּאַוולאָ איז מיט דער לאָפּעטע צוריק אַראָפּ צו זיין אַרבעט. פּאַמעלעך, פּאַמעלעכקע...

בלייבן אין דער הייך האָט דער אויפזעער מורא, אַראָפּגיין האָט ער אויך מורא, האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער קילגאַסן, און געוואַרט.

קילגאַס טוט זיך זיין מלאכה אָן געאייל, גאָרנישט ווי אַ מוליאַר, ער פילט זיך ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַפּטייק און געוויגן רפואות. ער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון וואָס דער אויפזעער שטייט הינטער זיינע פּלייצעס, ער באַמערקט אים נישט.

סוף כל סוף דעצידירט זיך יענער צוגיין צום בריגאַדיר:

— וואָס וועל איך זאָגן נאַטשאַלסטוואָ, האַ, טיורין?

דער בריגאַדיר טוט זיין אַרבעט, קערט צומאָל דעם קאָפּ נישט אָפּ.

— איר וועט זאָגן אַז ווען די בריגאַדע איז אַהערגעקומען איז שוין אַזוי געווען.

געשטאַנען נאָך אַ ווײַלע, געזען אַז מ'וועט אים יעצט נישט הרגענען, איז ער דרייסטער געוואָרן, אַריינגעלייגט די הענט אין קעשענעס און גענומען איבערגיין זיך:

— עי, שטש — אַכטהונדערטפיראונפופציק — האָט ער אַ בורטשע געטאָן — פאַרוואָס לייגסטו אַזאַ דינעם סלאָי וואַפּנע?

— דערלויבט צו באַמערקן — האָט אים שוכאָוו מיט אַ שמייכעלע געענטפערט — ווען מ'זאָל איצט געבן אַ גרעבערן סלאָי וואַפּנע וועט זיך וועסנע־צייט די גאַנצע „טעץ" צערינען.

— ביסט נישט מער ווי אַ מוירער — האָט דער אויפזעער זיך אַנגעבלאָזן — הער בעסער וואָס מען זאָגט דיר.

מעגלעך אַז ערטערוויז וואָלט מען געדאַרפט לייגן אַ ביסל מערער וואַפּנע, אָבער צי קאָן זיין אַ רייד דערוועגן ווען מען אַרבעט אין אַזעלכע הינטישע באַדינגונגען. גיי, פאַרטייטש יענעם אַז דאָ גייט נאָך וועגן נאָרמע. צי קאָן ער דאָס פאַרשטיין!

אַזוי ווי ער איז געקומען אַזוי איז ער צוריק אַראָפּ מיט דער טרעפּן־לייטער.

— זעט מ'זאָל מיר דעם הייבקראַן צורעכט מאַכן — האָט אים דער בריגאַדיר נאָכגעזאָגט אויף לעצטגעלט — מיר זענען נישט קיין אייזלען אַז מ'זאָל אַלץ אויף די פּלייצעס אַרויפשלעפּן.

— מ׳צאָלט דיר דערפאַר — האָט יענער געלאָסן צוריקגעענטפערט.

— מ׳צאָלט, אָבער פאַר אַרויספירן מיט טאַטשקעס און נישט פאַר שלעפּן נאָסילקעס. אַנו, פּרוּוו אויף די „טרעפּן" פירן טאַטשקעס!

— כ׳בין נישט קעגן דעם אַז די בוכאַלטעריע זאָל דיר פאַררעכענען פאַר נאָסילקעס.

— די בוכאַלטעריע! מיין גאַנצע בריגאַדע אַרבעט כדי צו באַדינען בלויז פיר מוליאַרעס. וויפל קאָן מען שוין ביי אַזאַ אַרבעט פאַרדינען?

ער שרייט, דער בריגאַדיר, אָבער די אַרבעט רייסט ער אַפילו אויף קיין מינוט נישט איבער.

— וואַפּנע! — שרייט ער אַראָפּ.

— וואַפּנע! — האַלט אים שוכאָוו אונטער. אַלע האָבן שוין אויסגע־גלייכט די דריטע שיכט, איצט ביי דער פערטער, וועט מען קאָנען אַ יאָג טאָן. מ׳דאַרף איבערלייגן העכער דעם ריכט־שנור, אָדער אפשר איין שיכט, אָן אים, דורכגיין?

אַ בייזער און אָנגעבלאָזענער איז דער אויפזעער צוריק אַוועק אין קאַנטאָר. ער האָט זיך נישט ספּעציעל גוט געפילט אויבן, אויף דער „טעץ". איידער מ׳גייט ריידן מיט אַזאַ בריגאַדיר ווי טיורין דאַרף מען זיך גוט פאַרטראַכטן. עס איז בעסער מיט די בריגאַדירן לעבן בשלום, צו וואָס איינרייסן זיך? אַ פאַיאָק האָט ער אַ גוטן, אַ צימערל — פאַר זיך, וואָס דאַרף ער מער? אָבער, שוין אַ כאַראַקטער אַזאַ ביי אים; אומעטום וויל ער ווייזן ווער ער איז.

די וואָס זענען אַרויפגעקומען פון אונטן האָבן דערציילט אַז דער עלעקטראָמאָנטער איז אַוועק און נישט באַוויזן צורעכט מאַכן דעם הייב־קראַן.

דאָס הייסט אַז מ׳וועט ווייטער מוזן שלעפּן ווי די אייזלען, אויף די פּלייצעס.

אויף וויפל אונטערנעמונגען שוכאָוו האָט נישט געאַרבעט איז אומעטום געווען דאָס זעלבע: אָדער די טעכניק איז ווערט געווען אַ זעץ אין דר׳ערד, אָדער די זעקעס אַליין האָבן זי קאַליע געמאַכט. ווען ער האָט געאַרבעט אין וואַלד האָט זיך וועמען פאַרוואָלט אַ ביסל אָפּרוען און

אַריינגעשטעקט אַ שטיקל האָלץ צווישן די טריבעס פון דער מאַשין. שפּעטער איז אויסגעקומען שלעפּן די קלעצער אויף די פּלייצעס, לייגן איינע אויף די צווייטע; מ'האָט דערנאָך די פּלייצעס אויסגלייכן נישט געקאָנט.

— ציגל! ציגל — שרייט דער בריגאַדיר און דערלאַנגט דערבײַ די טראָגער אין דער מאַמען אַריין איין מאָל, נאָך אַמאָל.

— פּאַוולאָ פרעגט, צי ס'וועט שוין זיין גענוג מישן וואַפּנע? — האָט מען פון אונטן אַרויפגעשריגן.

— ניין, נאָך מישן!

— ס'איז נאָך דאָ אַ האַלבער מולטער!

— איז פאַרמיש נאָך אַ מולטער!

די אַרבעט ברענט אונטער די הענט, זיי זענען שוין ביי דער פינפטער שיכט. פאַרוואָס זאָל זי נישט גיין די אַרבעט אַז קיין פענצטער אָדער טירן אַריינצומויערן זענען נישטאָ, צוויי בלינדע ווענט און גאָר. קיין ציגל פעלן דערווייל נישט.

עס ווילט זיך דעם ריכט־שנור אויף נאָך איין שיכט אויפהויבן, אָבער ס'איז שוין שפּעט.

— די צווייאונאַכציקסטע איז שוין אַוועק אָפּטראָגן די אינסטרומענטן — האָט גאָפּטשיק מיטגעטיילט.

— היט דיין נאָז, ראָצער! טראָג ציגל!

שוכאָוו האָט זיך אומגעקוקט. די זון איז שוין אויף מערב. זי פאַרגייט אַ רויטע ווי אין אַ גרויען נעפּל אַריין. אַ היפּש שטיקל אַרבעט האָבן זיי היינט אָוועקגעלייגט — פינף שיכטן, מ'דאַרף נאָר אַ ביסל אויסגלייכן.

די ציגל־און וואַפּנע־טרעגער זענען שוין קוים געגאַנגען. דעם קאַפּיטאַנס פּנים האָט אויסגעזען ווי באַשאָטן מיט אַש. און ער האָט דאָך נישט מער ווי פערציק יאָר דער קאַפּיטאַן, אפשר דאָס אויך נישט.

דער פראָסט נעמט אָן פרישע כוחות. כאָטש די הענט זענען אין דער אַרבעט אָבער די פינגער פרירן. אויך אין לינקן וואַלעק אַריין דערקלייבט ער זיך, דער פראָסט. שוכאָוו טופּעט צו מיט די פיס.

די וואַנט איז שוין גענוג הויך, מען מוז מער נישט בייגן די קני

פּאָר איר, דערפֿאַר קומט אָבער אויס בייגן די פּלייצע נאָך יעדן ציגל, נאָך יעדער קעלניע וואַפּנע.

— חברה! איי, חברה — לאָזט שוכאָוו נישט רוען — איר וואָלט בעסער צוגעטראָגן די ציגל צו דער וואַנט נעענטער, אַרויפֿגעלייגט העכער.

דער קאַפּיטאַן וואָלט עס זיכער געטאָן נאָר ער האָט נישט קיין כּוח, ער פֿאַלט ממש פֿון די פֿיס. דערפֿאַר אָבער אַליאָשקע, וואָס מ׳זאָל אים נישט בעטן וועט ער נישט אָפּזאָגן:

— גוט, איוואַן דעניסיטש, ווייזט נאָר ווו מ׳דאַרף אַוועקלייגן.

ווען אַלע אויף דער וועלט זאָלן זיין אַזעלכע ווי אַליאָשקע! שוכאָוו איז אויך אַזאַ; אויב אַ מענטש בעט פֿאַרוואָס נישט העלפֿן?

איבער דער גאַנצער זאָנע האָט זיך איצט געהערט דאָס גוט באַקאַנטע קלאַפּן פֿון האַמער אינעם רעלס. סוף אַרבעט! מען מוז מודה זיין: דער בריגאַדיר האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, באַפּעלנדיק אָנמישן נאָך אַ מולטער וואַפּנע.

— דערלאַנגט! דערלאַנגט וואַפּנע! — שרייט ער ווייטער.

קיין אַנדער ברירה איז נישט געבליבן ווי אויסאַרבעטן די גאַנצע וואַפּנע. ווען מ׳זאָל זי לאָזן אין מולטער ביז מאָרגן פֿרי וועל׳ן זיין גרויסע צרות; זי וועט פֿאַרפֿרירן, מ׳וועט זי דאַרפֿן שעהנלאַנג צעהאַקן, טייען...

— אַנו, חברה, לאָזט נישט אַראָפּ די הענט — מונטערט שוכאָוו.

קילגאַס איז בייז. ער האָט פֿיינט אַזעלכע שטיק. דאָך אַרבעט ער ערלעך; אַ ברירה האָט ער?

פּאַוולאָ איז אַרויפֿגעקומען איינגעשפּאַנט אין אַ נאָסילקע וואַפּנע. ער האָט אויך נישט פֿאַרגעסן מיטברענגען די קעלניע כּדי קאָנען צושטיין ווי אַ דריטער צו די מויערער.

פֿון געאייל, ווי באַוווּסט, קומט קיין גוטס נישט אַרויס. שוכאָוו האָט דעריבער באַשלאָסן, האַלטן אויג אויף דער וואַנט: אָפּגערוקט סעניאַן אויף לינקס האָט ער אַליין צוגערוקט זיך נעענטער צום הויפּט־ווינקל. אויב מ׳זאָל דאָרט עפּעס פּושערן וועט מאָרגן זיין צו זינגען און צו זאָגן; אַ האַלבער טאָג אַרבעט וועט אַוועק אויף גאָרנישט.

— אייל זיך נישט! — ער האָט אַרויסגענומען ביי פּאַוולאָן אַ ציגל

פון האַנט — גיב אַ קוק, זעסט ווי ער בייגט זיך אַרויס? — אויך ביי סעניאַן האָט ער אויסגעבעסערט צוויי ציגל.

דער קאַפּיטאַן האָט, ווי אַ גוטער מערין, אַרויפגעצויגן נאָך אַ נאָסילקע וואַפּנע.

— נאָך צוויי! — זאָגט ער אָן די בשורה — נאָך צוויי נאָסילקעס געבליבן, נישט מער.

ער האַלט זיך קוים אויף די פיס דער קאַפּיטאַן, אָבער ער ציט, און ציט. שוכאָוו האָט אַמאָל געהאַט אַזאַ פערד, איז וואָס דער סוף זיינער געווען? מ׳האָט פון אים די פעל אָפּגעשונדן, אָט.

דאָס לעצטע שטיקל זון האָט זיך שטיל אַראָפּגעגליטשט פון הימל און פאַרשווונדן אונטערן האָריזאָנט. איצט דאַרף מען שוין נישט גאָפּטשיקס גוטע אויגן: יעדער זעט אַליין אַז די בריגאַדעס האָבן שוין אָפּגעגעבן די אַרבעטס־כלים און אַלץ גייט אין ריכטונג פון וואַכטע. גלייך נאָכן קלינגען רירט זיך קיינער נישט פון אָרט; נישטאָ קיין בעלנים אויף פרירן אין דרויסן. בעסער בלייבן אינעווייניק וואַרעמען זיך אַ ביסל. עס קומט אָבער דער מאָמענט ווען אַלע בריגאַדעס מיטאַמאָל גיבן אַ שיט אַרויס. דאָס מוז זיין אָפּגערעדט צווישן די בריגאַדירן ווען נישט זענען די אַרעסטאַנטן אַזעלכע בריהס אַז זיי זענען גרייט, להכעיס איינער דעם צווייטן, בלייבן אינעווייניק אַפילו ביז האַלבער נאַכט.

דער בריגאַדיר האָט שוין איצט אַליין געזען אַז ער האָט איבער־געכאַפּט די מאָס. עס איז שוין שפּעט, אין דער אינסטרומענטאַלקע וועט מען אים מכבד זיין מיט אַ צען־גראָדיקן אין דער מאַמען אַריין.

— העי! — שרייט ער צו די נאָסילקע־טרעגער — זשאַלעוועט נישט דאָס ביסל טינוף! גייט אַראָפּ גיכער, קראַצט אויס דעם גרויסן מולטער, די וואַפּנע באַהאַלט אונטערן שניי, נאָר מ׳זאָל זי נישט אַרויסזען! דו, פּאַוולאָ, נעם צוויי מענטשן, קלייב צונויף די כלים און היידאַ מיט זיי. די פיר קעלניעס וועל איך דיר צושיקן מיט גאָפּטשיקן, די וואַפּנע וואָס מיר האָבן דאָ, אין דער הייך, מוזן מיר אויסאַרבעטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן רודערן. ביי שוכאָוון האָט מען צוגענומען דעם האַמער, אָפּגעבונדן דעם ריכט־שנור. די וואַפּנע־טרעגער און די

ציגל־וואַרפער האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן, זענען זיי אַראָפּ אין האַליע אַריין. אין דער הייך זענען געבליבן בלויז די דריי מויערער — קילגאַס, קלעוושין און שוכאָוו.

דער בריגאַדיר גייט אַרום אַ צופרידענער און באַטראַכט די אָפּגעטועגע אַרבעט:

— נישקשה אָנגעמויערט, האַ? און דאָס פּאַר אַ האַלבן טאָג, דערצו אָן אַ הייבקראַן.

— הערט חברה — רופט זיך שוכאָוו אָן — טראָגט אַוועק די קעלניעס צו גאָפּטשיקן. מיינע דאַרף מען נישט; זי איז גענומען אויף לינק.

דער בריגאַדיר לאַכט:

— צי קאָן מען דיך צוריקלאָזן אויף דער פריי? די תפיסה וועט דאָך וויינען נאָך דיר!

שוכאָוו הערט אַ צופרידענער. און רייסט נישט איבער די אַרבעט.

קילגאַס איז אַראָפּ מיט די קעלניעס און אָוועקגעגעבן זיי גאָפּטשיקן. דער קליינער איז גיך אַוועקגעלאָפן צו דער אינסטרומענטאַלקע. די הונדערטספּערטע איז דערווייל, אָן בריגאַדיר, אַוועק אין ריכטונג צום טויער, דער בריגאַדיר איז טאַקע אַ כוח, אָבער דער קאָנוואָי איז אַ פּיל גרעסערער. פֿאַרשפּעטיקסט זיך, פֿאַרשרייבן זיי דיך און דאַן אין קאַרצער אַריין!

נעבן וואַכטע האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט פּיל מענטשן. די שרעק ווערט מיטאמאָל געדיכטער. באַלד באַווייזן זיך די קאָנוואָיענטן און הייבן אָן ציילן.

(זיי ציילן צוויי מאָל: איין מאָל ווען דאָס טויער איז נאָך פֿאַרמאַכט און דערנאָך, ביים אַדורכגיין דורכן טויער. אויב עס זעט זיך עפּעס אויס נישט אַזוי זשאַלעווען זיי נישט, און ציילן אַ דריט מאָל).

— שפּיל זיך נישט מיט דעם ביסל וואַפּנע. — ווייזט דער בריגאַדיר פון ווייטנס צו שוכאָוון — וואַרף אַרויס דורך דער וואַנט!

— גיי, בריגאַדיר! גיי דאָרט אַהין, דאָרט ביסטו נויטיקער (שוכאָוו רופט אים שטענדיק ביים נאָמען און פּאָטערס נאָמען — אַנדריי פּראָקאָ־פּאָוויטש — נאָר איצט, ווען ביידע זענען געווען כמעט גלייכע ביי דער

אַרבעט, ווייל ער עס נישט טאָן, יעגער זאָל נישט מיינען ווער ווייס וואָס. בעסער זיין אָפּיציעל). דעם אָראָפּגייענדיקן מיט דער טרעפּן־לייטער בריגאַדיר זאָגט ער פּריילעך נאָך: — פּאָסקודנע, וואָס דער אַרבעטס־טאָג איז אַזאַ קורצער, הייבסט נאָר אָן און שוין — ענדיק!

ביי דער מויער זענען זיי איצט געבליבן אין צווייען, ער און דער טויבער. מיט אים וועסטו קיין סך נישט ריידן, מ'דאַרף אַפילו נישט, ער איז קלוגער פון אַנדערע, פאַרשטייט אָן ווערטער.

נאָך אַ קעלניע וואַפּנע! נאָך אַ ציגל! צוגעקוועטשט. געזען צי ער ליגט גוט. וואַפּנע. אַ ציגל. וואַפּנע. אַ ציגל...

כאָטש דער בריגאַדיר האָט באַפוילן אַרויסשמייסן דאָס ביסל וואַפּנע אויף יענער זייט מויער אַרויס, קאָן עס שוכאָוו נישט טאָן, אַזאַ נאַרישער כאַראַקטער ביי אים. פאַר אַכט יאָר לאַגערלעבן זיך נישט געענדערט. ער זשאַלעוועט יעדע זאַך, באַציט זיך ערנסט צו יעדער אַרבעט.

— וואַפּנע! ציגל! וואַפּנע! ציגל!

— געגוג! — שרייט סעניאַ — אַ רוח אין דיין מאַמעס זונס פּיס אַריין! קום פון דאַנען!

געכאַפּט די באַסילקעס איז ער אַוועק מיט זיי צו דער לייטער־טרעפּ.

שוכאָוו ווען מ'זאָל אים איצט טרייבן מיט הינט, קאָן ער זיך נישט אַפילו אָפּרייסן. ער מוז אַ קוק טאָן אויף דער מויער, אויף דער אַרבעט זיינער. נישט שלעכט! ער כאַפּט נאָך אַ קוק, פון לינקס, פון רעכטס. יאָ, דאָס אויג זעט נאָך גוט, די האַנט האָט זיך אויך נישט געעלטערט...

ערשט איצט גייט ער אַראָפּ אין האַליע.

סעניאַ איז שוין געגוג ווייט. ער האָט זיך אויסגעדרייט אַ קוק טאָן וואָס מיט שוכאָוון איז.

— לויף, איך קום באַלד — ווינקט צו אים שוכאָוו.

די קעלניע קאָן מען נישט פּשוט אַוועקוואַרפן. עס קאָן געשען אַז מאָרגן וועט ער נישט אַרויס צו דער אַרבעט, עס קאָן אויך זיין

אַז די בריגאַדע וועט געשיקט ווערן אין סאָצגאָראָדאָק אַריין, מילא וואָס עס קאָן אַלץ געשען, צי דאַרף דעריבער די קעלניע פאַרלוירן גיין?

אין האַליע זענען אַלע אויוונס פאַרלאָשן, ס׳איז פינצטער, שרעקלעך... שרעקלעך גישט צוליב דער פינצטערניש גאָר צוליב דעם וואָס אַלע זענען שוין אַוועק און ביים טויער וועט זיך אַרויסווייזן אַז איינער פעלט. די קאָנוואָיענטן וועלן שלאָגן.

זיין געניט אויג זוכט אַן אָרט פאַר דער קעלניע. געפונען. באַהאַלטן. צוגעדעקט. בסדר!

איצט דאַרף מען וואָס גיכער אָניאָגן סעניאַן, דעם וואַרטענדיקן. קלעוושין וועט קיינמאָל נישט איבערלאָזן אַ חבר בעת צרה. אויב זיין די כפרה, זאָגט ער, איז צוזאַמען.

זיי לויפן איינער נעבן אַנדערן — דער קליינטשיקער שוכאָוו און, דער מיט אַגדערהאַלבן קעפּ העכערער, קלעוושין. דער קאָפּ אַליין ביי סעניאַן איז אויך אַזאַ מין גרויסער.

פאַראַן פּוסטעפּאַסטניקעס וואָס לויפן איבער סטאַדיאָנען. זיי וואָלטן דאָ אַהער געקומען ווייזן וואָס זיי קאָנען און דאָס נאָך אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע, מיט נישט אויסגעגלייכטע נאָך פּלייצעס, מיט נאַסע הענטשקעס און צעקראַכענע וואַילעקעס, אויף אַ קעלט אַזאַ...

ביידע האָבן געזדישעט ווי משוגענע הינט: כי־כי! כי־כי!..

דער בריגאַדיר וועט מסתמא דאָרט אויף דער וואַכטע, ווי ס׳איז פאַרטייטשן.

זיי לויפן גלייך אויף דער מאַסע אַרויף. די שרעק ווערט גרעסער.

הונדערטער מיילער האָבן זיך מיט אַמאָל געעפנט: אין דער מאַמען אַריין זיי, אין טאַטן אַרייך, אין מויל, אין דער גאַז, אין דער ריפּ אַריין עס איז באמת שרעקלעך.

וויכטיקער איז אָבער וואָס דער קאָנוואָי וועט זאָגן?

דער קאָנוואָי שווייגט. דער בריגאַדיר איז שוין דאָ, ער שטייט אין דער לעצטער ריי. ווייזט אויס אַז ער האָט אַלץ פאַרטייטשט און אויף זיך גענומען די שולד.

די מאַסע הערט גישט אויף שרייען, זיי דערלאַנגען ווייטער, ליאַרעמען

אַזוי שטאַרק אַז אַפילו סעניאַ דער טויבער האָט דערהערט אין וואָס עס גייט. אַזוי ווי ער שווייגט שטענדיק אַזוי האָט ער איצט נישט אויסגעהאַלטן: צעריטשעט זיך, אויפגעהויבן, געבײַלטע פויסטן און זיך געוואָלט וואַרפן שלאָגן. ס'איז געוואָרן שטיל. אימעצער לאַכט:

— העי, הונדערטפערטע! ער איז דאָך גאָר קיין טויבער נישט, אייער סעניאַ! מיר האָבן אים אויסגעפּרווט.

אַלע לאַכן, אַפילו דער קאָנוואָי.

— צעשטעלן זיך צו פינף!

דאָס טויער עפנען זיי נאָך אַלץ נישט. זיי גלויבן נישט די אייגענע אויגן, שטויסן אָפּ די מאַסע מענטשן אויף צוריק פון טויער. (אַלע האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צום טויער ווי אין אים וואָלט זײַן די ישועה).

— צע־שטעלן זיך צו פינף! די ערשטע! צווייטע! דריטע!

יעדער פינפטל ווען ער ווערט אויסגערופן מוז אַרויסטרעטן עטלעכע מעטער פאָרויס.

שוכאָוו האָט געשטעלט אַ פּאָר טריט צוריק און זיך אומגעקוקט. אַ צונט־רויטע און עפּעס אַ בייזע אין אַרויס אויפן הימל די לבנה. פון נעכטן ביז היינט האָט זי זיך אַביסל אויסגעשטשערבעט און אויך אַראָפּגעלאָזט זיך אַ ביסל נידעריקער.

אַ צופרידענער יוואָס אַלץ איז אַדורך גלאַטיק, האָט שוכאָוו גוט־ברודעריש אַ שטויס געטאָן בויניאָווסקין.

— ווי מיינסטו קאַפּיטאַן, וואָס געשעט סוף חודש מיט דער לבנה, ווו ווערט זי פאַרפאַלן?

— וואָס הייסט ווו? וואָסער פאַרגרעבטקייט! דאָס איז גאַנץ פּשוט, מ'זעט זי נישט די לבנה, דאָס איז אַלץ.

שוכאָוו האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אויב מ'זעט זי נישט, פונוואַנען ווייסטו אַז זי איז פאַראַן?

— לויט דײַן שכל קומט אויס אַז יעדן חודש ווערט געבוירן אַ נייע לבנה, האַ?

— וואָס איז דערין קאָמישעס? אויב מענטשן ווערן געבוירן טאָג־

טעגלעך פאַרוואָס זאָל אַ לבנה נישט קאָנען געבוירן ווערן איין מאָל אין חודש?

— טפו — האָט דער קאַפּיטאַן אַ שפיי געטאָן — נאָך אַזאַ שוטה ווי דו האָב איך אין לעבן נישט געטראָפן. דו ווייסט נאָר נישט וואָס עס געשעט מיט דער אַלטער לבנה, דאָס איז אַלץ?

— טאַקע דאָס פרעג איך ביי דיר, קאַפּיטאַן, וווּ ווערט זי פאַרפאַלן?

— וואָס הייסט וווּ?

שוכאָוו האָט אָפּגעזיפצט און אַ ביסל שעפּעליאַווענדיק דערקלערט:

— ביי אונדז, אין אונדזער געגנט, פלעגט מען זאָגן אַז גאָט צעקרישלט יעדן חודש די אַלטע לבנה און מאַכט פון איר שטערן.

— אָט דאָס הייסן ווילדע מענטשן — האָט דער קאַפּיטאַן זיך צעלאַכט — איך האָב קיינמאָל אַזעלכעס נישט געהערט. הייסט עס, שוכאָוו, אַז דו גלויבסט אין גאָט, וואָס?

— וואָס הייסט צי איך גלויב אין גאָט? — האָט שוכאָוו געענטפערט מיט אַ פראַגע אויף אַ פראַגע — ווען ער דונערט אין די הימלען, זיי אַ גיבור און גלויב נישט!

— און צוליב וואָס טוט עס גאָט?

— וואָס?

— צוליב וואָס ברעקלט ער די לבנה אויף שטערן — צוליב וואָס?

— וואָס איז דאָ נישט פאַרשטענדלעך? — האָט שוכאָוו געקוועטשט מיט די פּלייצעס — דאָס איז דאָך גאַנץ פשוט; פון צייט צו צייט פאַלן אַראָפּ שטערן פון הימל מוזן דאָך קומען נייע אויף זייער אָרט.

— אויסדרייען זיך!!! אַ רוח אין אייער מאַמעס... — שרייען די קאָנוואָיענטן — צע — שטעלן זיך!

דאָס ציילן איז שוין דערגאַנגען צו זיי: דאָס צוועלפטע פינפטל פון פינפטן הונדערט, און נאָך צוויי פון הינטן — בוינאָווסקי און שוכאָוו.

די קאָנוואָיענטן זענען באַאומרויקט, רעכענען אַהין רעכענען אַהער, עס שטימט נישט, ווידער שטימט נישט, וואָלטן זיי כאָטש געקאָנט רעכענען ווי ס'געהער צו זיין.

זיי האָבן אָנגעציילט פיר הונדערט צוויי און זעכציק און עס דאַרף זיין פיר הונדערט דריי און זעכציק.

נאָך אַ מאָל צוריקגעשטויסן אַלעמען פון טויער, ווידער השיבנו נאַזאַד.

— צע־שטעלן זיך צו פינף! ערשטע! צווייטע!

דאָס ציילן איז אַזויפיל מער פּאַרדראָסיק ווייל ס׳גייט אויפן חשבון פון אונדזער צייט און נישט פון זייערער. ביז צום לאַגער, דורכן סטעפּ, איז אויך אַ שיינע פּאָר קילאָמעטער, דערנאָך שטיי אין ריי, וואַרט אויפן פילצעווען. פון אַלע אָביעקטן באַמיט מען זיך וואָס גיכער אַדורכגיין דאָס באַטאַפּן. די וואָס באַוויזן קומען די ערשטע מאַכן אַ לעבן; די סטאָלאָווע וואַרט אויף זיי, ביים אָפּנעמען אַ פּעקל זענען זיי די ערשטע, אין דער אינדיווידועלער קיך אַריין — די ערשטע; אָפּנעמען אַ בריוו אָדער אַוועקטראָגן אַן אייגענעם אין דער צענזור, אָנקומען אין דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג, צום פריזירער, אין באָד אַריין — אומעטום זענען זיי די ערשטע.

דעם קאָנוואָי ווילט זיך אויך וואָס שנעלער אונדז צוריק אָפּגעבן די לאַגער־באַלעבאַטים און וואָס גיכער אַוועק אָפּרוען. די סאָלדאַטן זענען אויך נישט די גליקלעכסטע, זיי האָבן אויך גענוג אַרבעט און נישט צופיל פרייע צייט.

וואָס אָבער טאָן אַז דער חשבון שטימט נישט.

ווען ס׳איז נאָך אַ מאָל דערגאַנגען צו די לעצטע פינפטלעך האָט זיך שוכאָוון אויסגעדאַכט אַז יעצט וועלן, ביי סוף, בלייבן דריי און נישט צוויי. אָבער ניין, ווידער צוויי נישט מער!

די בעלי־חשבון לויפן צום קאָנוואָי־נאַטשאַלניק, טענהן אַהין, אַהער, יענער ליאַרעמט:

— בריגאַדיר פון דער הונדערטפערטער!

טיורין איז אַרויסגעגאַנגען אַ האַלבן טריט פאָרויס:

— איך.

— אויפן „טעץ״ איז ביי דיר קיינער נישט געבליבן? גיב אַ טראַכט.

— ניין.

— גיב אַ טראַכט, דעם קאָפּ וועל איך דיר אַראָפּדרייען!

— ניין, איך ווייס געגוי.

דערביי שיקט טיורין אַ בליק צו פּאַוולאָן — ווער ווייס אפשר איז אימיצער דאָרט איינגעשלאָפן?

— צע — שטעלן זיך לויט בריגאַדעס — באַפעלט דער קאָנוואָי־נאַטשאַלניק.

ביז יעצט זענען זיי געשטאַנען אין פינפטלעך און נישט לויט בריגאַדעס. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ שטויסעניש, אַ שטופּעניש: „זעקסאונזיבעציקסטע — צו מיר!”; „דרייסיקסטע! דאָ אַהער”!; „צוויי־אונדרייסיקסטע”.

די הונדערטפּערטע אַזוי ווי זי איז געווען די לעצטע אַזוי האָט זי זיך אויסגעשטעלט. ערשט איצט באַמערקט שוכאָוו אַז אַלע אין בריגאַדע זענען מיט ליידיקע הענט, האָבן זיך צופּיל איבערגענומען מיט דער אַרבעט און פאַרגעסן אָנקלייבן אַ ביסל שפּענער. בלויז צוויי טראָגן צו קליינע בינטלעך.

דאָס שפּיל גייט אָן יעדן טאָג: פאַר סוף אַרבעט קלייבט מען אָן אַ ביסל שפּענדלעך, אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ, מען בינדט זיי אַרום מיט אַ שטריקל מיט אַ בענדל און מען טראָגט זיי מיט זיך.

די ערשטע אַבלאַווע איז ביים טויער — זי ווערט געמאַכט דורכן אַרבעטס־אויפזעער אָדער דורך אַ דיעסאַטניק. אויב ס'לוינט זיך באַפעלט ער גלייך אַוועקוואַרפן (מיליאָנען זענען שוין אַרויס דורכן קוימען, מיינען זיי מיט צונעמען די שפּענער עפּעס אייגשפּאָרן). די האָרעפּאַשניקעס האָבן זיך זייער חשבון: אויב יעדער איין בריגאַדע וועט דורכטראָגן כאָטש עטלעכע קינעלעך וועט אין באַראַק זיין וואַרעם. פון די קילאָ קוילנ־שטויב וואָס נאַטשאַלסטוואָ טיילט צו וועסטו קיין וואַרעמקייט זיך נישט דערוואַרטן. דערפאַר מוזן זיי, ווו אַ שטיקל שפּאַן אויפקלייבן, ווו אַ גרעסער שטיקל האָלץ — צעזעגן אויף קליין, באַהאַלטן אונטער דער פופייקע און פרוון אויסמיידן די אויגן פון אַרבעטס־אויפזעער.

דער קאָנוואָי וועט קיין מאָל נישט באַפעלן אַוועקוואַרפן דאָס ביסל האָלץ, דאָ, אויפן אָביעקט: זיי דאַרפן דאָס אויך האָבן, טראָגן אַליין טאָרן זיי נישט.

ערשטנס — מוזן זיי אָפּהיטן דעם גוטן נאָמען פון מונדיר, צווייטנס — מוזן זיי האָבן אין גאַנצן פרייע הענט כדי יעדע רגע קאָנען שיסן אויף אונדז. אַז מען איז שוין נאָענט פון לאַגער קומט ערשט דער באַפעל: „פון דער און דער ריי אַן אָוועקוואַרפן דאָס געהילץ, אָט דאָ אַהער!" זיי נעמען טאַקע צו, אָבער מיט חסד; אַביסל מוזן זיי דאָך לאָזן פאַר די לאַגער־אויפזעער און פאַר די אַרעסטאַנטן אַליין אויך עפּעס, אַנישט וועט מען בכלל אויפהערן טראָגן.

אַזוי באַקומט זיך שוין: טראָג ברודערקע די שפּענער יעדן טאָג און ווייס נישט ווען מ'וועט זיי דיר צונעמען און ווען נישט.

ווען שוכאָוו האָט נאָך אַלץ געוואַנדערט מיט די אויגן איבערן אַרום, געמיינט דערטאַפּן אַ פּאַר שפּענדלעך, האָט דער בריגאַדיר באַוויזן איבערציילן די בריגאַדע און מעלדן דעם נאַטשאַלניק פון קאַראַאול:

— די גאַנצע הונדערטפערטע איז אויפן אָרט!

אפילו צעזאַר איז אַרויס פון קאַנטאָר און צוגעשטאַנען צו זיין בריגאַדע. ער רויכערט די לולקע און בלאָזט רויטע שיין אויף די וואָנצעס זיינע.

— ווי גייט עס עפּעס? — פרעגט ער דעם קאַפּיטאַן.

אַן אויסגעוואַרעמטער וועט נישט פאַרשטיין אַ געפרוירענעם. וואָס הייסט „ווי גייט עס?" — אַ נאַרישע פראַגע.

— ווי עס גייט? — ציט דער קאַפּיטאַן מיט די אַקסלען — אָנגעהאָרעוועט זיך אַז קוים די פּלייצעס אויסגעגלייכט.

מירן זען צי צעזאַר וועט זיך דערטראַכטן און געבן יענעם פאַררויכערן.

יאָ, ער האָט געגעבן. אין בריגאַדע האַלט ער זיך נאָר מיטן קאַפּיטאַן. מיט אַנדערע געפינט ער נישט קיין שפּראַך.

— אין דער צווייאונדרייסיקסטער פעלט אַ מענטש! אין דער צווייאונדרייסיקסטער! — הערט מען אַ געוואַלדעווען.

דער געהילפס־בריגאַדיר פון דער צווייאונדרייסיקסטער מיט נאָך אַן אַרעסטאַנט זענען אַוועק צו די אויטאָ־וואַרשטאַטן זוכן דעם מענטש. איבערן המון לויפט אַדורך אַ פראַגע: ווער? ווער? עס פעלט דער מאָלדאַוואַנער, דער קליינער שוואַרצער מאָלדאָוואַנער. וועלכער מאָלדאַ־

וואַנער? נישט אַמאָל דער וואָס מ׳זאָגט וועגן אים אַז ער איז געווען אַ רומענישער שפּיאָן, טאַקע אַן אמתדיקער שפּיאָן?

שפּיאָנען זענען כמעט אין יעדע בריגאַדע פאַראַן אַ מאַן פינף, אָבער דאָס זענען געמאַכטע שפּיאָנען, אין די אַקטן שטייט אָנגעשריבן אַז זיי זענען שפּיאָנען, כאָטש אין דער אמת׳ן זענען זיי בלויז צוריקגעקומענע פון פּלען, נישט מער. אויך שוכאָוו איז פון דעם מין שפּיאָנען.

דער מאָלדאָוואַנער זאָל טאַקע זיין געווען אַ שפּיאָן.

דער קאַראַאָול־נאַטשאַלניק האָט געכאַפּט אַ בליק אין ליסטע און איז אין גאַנצן שוואַרץ געוואָרן. אויב זאָל טאַקע האָבן אַנטלאָפן דער שפּיאָן, וועט אים נישט אויסקומען לעקן קיין האָניק.

דער המון איז אויפגעבראַכט, אויך שוכאָוו זידלט זיך: אָט דאָס הייסט אַ ה...־זון, אַ מגוול, אַ פּאַרעך, אַ נעגריש.

דער הימל איז שוין טונקל, די שיין פאַלט בלויז פון דער לבנה, אָט זענען די שטערן אַרויס און דער פראָסט נעמט זיך אָן מיט נאַכטיקן כוח און ער, דער פּאַדלע, איז נישטאָ. וואָס? נאָך ווייניק זיך אָנגעאַרבעט, היצעל איינער? עלף שעה זענען דיר נאָך ווייניק? וואַרט, דער פּראָקוראָר וועט דיר דערלייגן, וואַרט!

שוכאָוו קאָן נישט פאַרשטיין אַז מ׳זאָל אַזוי אַרבעטן און נישט דערהערן דאָס קלינגען.

ער האָט פאַרגעסן שוכאָוו אַז אַקאָרשט איז ער אַליין געווען אַזוי פאַרטאָן אין דער אַרבעט, געהאַט עגמת־נפש וואָס דער טאָג איז אַזאַ קורצער. יעצט ווען ער פרירט, ווי אַלע, איז ער בייז ווי אַלע. זאָל עס נאָך אַזוי דויערן אַ האַלבע שעה איז ווען דער קאָנוואָי זאָל אָוועקגעבן דעם מאָלדאָוואַנער וועט אים דער המון צערייסן אַזוי ווי אַ סטאַדע הונגעריקע וועלף צערייסט אַ קאַלב!

דער פראָסט האָט זיך דערקליבן צו יעדן. קיינער שטייט נישט אויף אַן אָרט, מ׳שטעלט אַ פוס אויף אַ פוס אָדער אַ צוויי טריט פאָרויס און צוריק.

דער עולם טראַכט — צי האָט ער טאַקע באַוויזן אַנטלויפן דער מאָל־דאָוואַנער? זאָל ער זיין אַנטלאָפן בייטאָג קאָן עס אים האָבן געלונגען, נאָר

אויב האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן און וואַרט ביז די וואַכלייט וועלן אַראָפּגיין פון די טורעמס, דאָ האָט ער געמאַכט אַ טעות. אַז מ׳וועט נישט געפינען קיין שפּורן נעבן די דראָטן, ווו ער זאָל האָבן אַנטלאָפן, וועט מען אים גאַנצע דריי מעת לעת זוכן אין זאָנע. די וועכטער וועלן בלייבן אויף די וואַכטורעמס דריי מעת לעת און אַז מ׳וועט דאַרפן איז אפילו אַ וואָך צייט אויך. אַזאַ איז דאָס געזעץ דאָ — אַלטע אַרעסטאַנטן קאָנען עס. בכלל, אויב אימיצער אַנטלויפט, קומען אָן שוואַרצע טעג פאַר די קאָנוואָיענטן: מ׳לאָזט זיי נישט שלאָפן, זיי באַקומען נישט קיין עסן. דעריבער, אַז ס׳געלינגט זיי כאַפּן דעם אַנטרונענעם ווילן זיי אים שוין קיין לעבעדיקן נישט נעמען.

צעזאַר נעמט זיך דאָס אַלץ נישט צום האַרצן און שמועסט ווייטער מיטן קאַפּיטאַן:

— איר געדענקט די סצענע מיט דעם צוויקער וואָס איז געבליבן הענגען אויף דער שיף?(1)

— נו... יאָ — דער קאַפּיטאַן קלערט מער וועגן רייכערן.

—אָדער די סצענע ווי דאָס וועגעלע האָט זיך אַראָפּגעקאָליערט פון די טרעפּ?

— יאָ... יאָ, דאָס לעבן אויפן ים איז דאָרט געוויזן נישט אַזאַ ווי עס איז, פאַרקערט, אַ ביסל ליאַלקעוואַטע.

— איר זעט, דאָס שטאַמט דערפון וואָס די היינטצייטיקע טעכניק פון פאָטאָגראַפירן האָט אונדז אַ ביסל צעבאַלעוועט...

— און די ווערעם וואָס קריכן איבערן פלייש? אַזעלכע גרויסע! צי זענען זיי גלייך אַזעלכע געווען?

— קיין קלענערע קאָן מען אין קינאָ נישט ווייזן!

— איך מיין, אַז ווען מ׳וואָלט איצט געבראַכט צו אונדז אין לאַגער אַריין, אַנשטאָט די פיש, יענץ פלייש און נישט וואַשנדיק, נישט שאָבנדיק אַריינגעוואָרפן עס אין קעסל אַריין, וואָלטן מיר...

צווישן די אַרעסטאַנטן האָט זיך דורכגעטראָגן אַ געברום: אַ־אַ־אַ! אר־אר־אר!

---

(1) דער שמועס האָט אַ שייכות צו אייזענשטיינס פילם „קרייצער פּאָטיאָמקין״ — איבערז.)

נעבן די אויטאָ־וואַרשטאָטן זעט מען בפירוש דריי מענטשלעכע געשטאַלטן. הייסט עס אַז ער איז דאָ, אַז ער איז נישט אַנטלאָפן דער מאָלדאַוואַנער.

— או־או־או! — הערט נישט אויף דער גאַבריל.

ווען די דריי האָבן זיך דערנענטערט איז דאָס ברומען איבערגעגאַנגען אין זידלעריי:

— כאָליערע! פגר־רע! כלב איינער! קאַנאַליע! גאָרגל־שניידער! סטערווע!

אַ גאָרנישט איז עס ביי אים, ביי דעם מנוול, אַ האַלבע שעה געלאָזט וואַרטן פינף הונדערט מענטשן!

מיט אַן אַריינגעצויגענעם קאָפּ צווישן די אויערן, לויפט ער, דער מאָלדאַוואַנער, ווי אַן איבערגעשראָקענע מויז.

— שטיי! — שרייט דער קאָנוואָי — קאַ־פּיר הונדערט זעכציק, ווו ביסטו געווען!

דער עולם קאָן זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקן!

— נואף! גזלן פּאַסקודניאַק!

ווי אָבער דער קאָנוואָיענט האָט אויסגעדרייט די ביקס מיטן פּריקלאַד אַזוי איז גלייך שטיל געוואָרן.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אַ שווייגעוודיקער, האָט דער מאָלדאָ־וואַנער זיך אַלץ צוריקגעצויגן פון קאָנוואָיענטס.

דער געהילפס־בריגאַדיר פון דער 32־טער האָט זיך אָנגערופן:

— דאָס האָט ער זיך פון מיר אויסבאַהאַלטן, אַרויפגעקראָכן אין דער הייך צו די ברעטער אָנוואַרעמען זיך און דאָרט איינגעשלאָפן.

און דערביי אים מיט דער פויסט! איבערן קאַרק!

אַזוי אַרום האָט ער אים געראַטעוועט פון קאָנוואָיענטס הענט.

ווי נאָר דער מאָלדאַוואַנער האָט זיך אויסגעגלייכט פון די קלעפּ איז צוגעלאָפן דער מאַדיאַר, אויך פון דער 32־טער, און אים נאָך דערלאַנגט מיטן פוס אין הינטן, איינמאָל, אַ צווייט מאָל!

דאָס איז דיר נישט זיין אַ שפּיאָן. שפּיאָנירן קאָן אפילו אַ שוטה אויך.

אַ שפּיאָן האָט אַ פּריילעך לעבן. פּרוביר אָבער אויסהאַלטן צען יאָר קאַטאָרזשנעם לאַגער, אָט דאָס באַווייז!

דער קאָנוואָיענט האָט אַראָפּגעלאָזן די ביקס.

גלייך האָט זיך דערהערט דאָס קול פון קאַראַול־נאַטשאַלניק:

— צוריק־ציִען זיך פון טויער! צעשטעלן זיך צו פינף!

אָט דאָס זענען כלבים. זיי נעמען שוין ווידער ציילן! וואָס איז דאָ יעצט צו ציילן. אַז אַלץ איז שוין קלאָר? דער גאַנצער כעס ביי די אַרעסטאַנטן איז איצט איבערגעגאַנגען פון מאָלדאַוואַנער אויף די קאָנוואָיענטן. קיינער האָט זיך דערווייל נישט גערירט פון אָרט.

— וואָאָס? — האָט דער נאַטשקאַר אַ רעווע געטאָן — אַוועקזעצן אייך אויפן שניי? איך קאָן עס טאָן. ביז אין דער פרי וועל איך דאָ האַלטן!

קיין גרויסע חכמה איז דערין נישטאָ. זיי האָבן שוין מער ווי איינמאָל אַוועקגעזעצט אויפן שניי, אַפילו אַוועקגעלייגט. דאָס אַלץ איז שוין געווען. די אַרעסטאַנטן קאָנען עס שוין פון אויסווייניק. עס איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי צוריקציִען זיך פון טויער.

— צו־ריק! צו־ריק! — שטופּן די קאָנוואָיענטן.

— צום טויער ווייסט איר ווי צו שטופּן זיך, נבלות? — די פון די הינטערשטע רייען ווערן בייז אויף די פאָדערשטע אָבער דאָך ציִען זיי זיך צוריק.

— צע־שטעלן זיך צו פינף! ערשטע! צווייטע! דריטע!

די לבנה לייכט איצט מיט פולער קראַפט. שוין אַראָפּ פון איר די רויטקייט און זי שטייט שוין הויך אין הימל. דער גאַנצער אָוונט פאַרפאַלן... אַ רוח אין דעם מאָלדאַוואַנער. אַז ברענען זאָלן די קאָנוואָיענטן. איי, לעבן פאַרשאָלטנס!

די פון די פאָדערשטע רייען וואָס זענען שוין געציילט געוואָרן, שטעלן זיך איצט אויף די שפּיץ־פינגער, באַמיען זיך אַריבערקוקן צום סוף, זען וויפל ס'וועלן בלייבן נאָכן לעצטן פינפטל, צוויי אָדער דריי. דאָרט ליגט איצט זייער גורל.

שוכאָוו האָט זיך אַ ווײַלע געדאַכט אַז יעצט וועלן בלייבן פיר און נישט דריי. ער האָט שיער נישט געחלשט פון שרעק: אַן איבעריקער

מ׳וועט ווידער ציילן! עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז פּעטיוקאָוו, דער שאַקאַל, אויסקוקנדיק אויף דעם שטיקל פּאַפּישל וואָס בוינאָווסקי וועט אים לאָזן דערררויכערן, איז באַצייטנס נישט אַריין אין זיין פינפטל. פונדאַנען האָט זיך גענומען אַן „איבעריקער״.

דער נאַטשקאַר האָט פון כעס דערלאַנגט פּעטיוקאָוון איבערן קאַרק.

— גוט אַזוי! פּראַווילנאָ!

נאָך דעם לעצטן פינפטל זענען יעצט געבליבן דריי. דער חשבון שטימט! אַ לויב דיר גאָט אין הימל!...

— צוריק־ציען פון טויער!

דאָס מאָל זענען די אַרעסטאַנטן געהאָרכזאַם. זיי זען ווי די סאָלדאַטן גייען אַרויס אויף יענער זייט טויער און שטעלן זיך דאָרט אויס.

דאָס באַדייט אַז מ׳וועט אַרויסלאָזן.

מ׳זעט נישט די דיעסאָטניקעס, נישט דעם אַרבעטס־אויפזעער. חברה טראָגן אַרויס אָן שווערקייטן דאָס ביסל שפּענער.

דאָס טויער איז אָפן אין דער גאַנצער ברייט. פון יענער זייט הייבט זיך ווידער אָן דאָס ציילן: — ערשטע! צווייטע! דריטע!

יעצט, אַז דער חשבון וועט שטימען וועלן שוין די וועכטער אַראָפּ־גענומען ווערן פון די פּאָסטנס.

פון די לעצטע וואַכטורעמס ביזן לאַגער איז אָבער אַ היפּש שטיקל וועג; עס איז צו גיין און צו גיין! ערשט ווען דער לעצטער אַרעסטאַנט פּאַרלאָזט די זאָנע, און דער חשבון שטימט, דעמאָלט ווערט איבערגעגעבן טעלעפאָניש צו אַלע וואַכטורעמס: אַראָפּגיין! אויב דער נאַטשאַלניק פון קאַראַול האָט שכל באַפעלט ער דער קאָלאָנע גלייך רירן פון אָרט; ער ווייסט גוט אַז דער אַרעסטאַנט האָט נישט וווּהין צו אַנטלויפן און אַז די פון די וואַכטורעמס וועלן אָניאָגן די קאָלאָנע. מאַכט זיך אָבער אַ נאַטשאַלניק אָן אידיאָט, וואַרט ער ביז די וועכטער וועלן אָנקומען.

צו אַזעלכע חכמים געהערט טאַקע דער היינטיקער נאַטשאַלניק. ער וואַרט.

אַ גאַנצן טאָג אויפן פראָסט, דורכגעפרוירן ביז דער נשמה, אַ שעה נאָך דער אַרבעט און זיי פרירן. זיי ציטערן אָבער נישט פון קעלט נאָר

פון כעס: פאַרפאַלן געוואָרן דער גאַנצער אָוונט! מ׳וועט גאָרנישט באַווייזן דערליידיקן.

— ווי קומט עס, וואָס איר קאָנט אַזוי גוט דאָס לעבן אין ענגלישן פלאָט? — פרעגט ווער אין שכנותדיקן פינפטל ביי קאַפּיטאַן בוינאָווסקי.

— איר מוזט וויסן אַז אַ חודש צייט בין איך געווען אויף אַ ענגלישן קרייצער. געהאַט דאָרט אַן אייגענע קאַיוטע, געווען פאַרבינדונגס־אָפיציר. נאָך דער מלחמה האָט זיך דעם בריטישן אַדמיראַל, אַז ער זאָל פון גיהנום נישט אַרויס, פאַרוואָלט שיקן מיר אַ מתנה. „מיט דאַנקבאַרקייט״ — האָט ער נאָך צוגעשריבן. כ׳בין געווען צופרידן און גלייכצייטיק אים געשאָלטן!.. אַזוי אַרום געפינען מיר זיך דאָ צוזאַמען. עס איז אַ קליינער פאַרגעניגן זיצן מיט באַנדעראָווצעס.

ווען מען קוקט זיך אַרום באַפאַלט אַ שרעק: הוילער סטעפּ, פון הינטן די ליידיקע זאָנע, דער שניי פינקלט אין שיין פון דער לבנה, די קאָנוואָיענטן אָפּגערוקט איינער פון צווייטן אויף צען טריט, די ביקסן גרייטע צום שיסן. אַ סטאַדע שוואַרצע אַרעסטאַנטן און איינער צווישן זיי, מיט פונקט אַזאַ באַשליק — שטש־311 — אַ מענטש וועלכער האָט אַ גאַנץ לעבן גאָלדענע עפּאָלעטן געטראָגן, מיט ענגלישע אדמיראַלן געחברט זיך און איצט מוז ער שלעפּן נאָסילקעס צוזאַמען מיט אַזאַ פעטיוקאָוו.

יעדן מענטש קאָן מען אַזוי אָדער אַנדערש איבערדרייען.

אַלע וועכטער זענען שוין אויפן אָרט. עס, פאַלט דער באַפעל:

— מאַרש! שנעלער!

אָ, ניין — יעצט וועט איר שוין צווואַרטן! מיר האָבן זיך נישט וואָס צו איילן. נישט צונויפגערעדט האָבן אַלע אַרעסטאַנטן דאָך פאַרשטאַנען: ביז איצט האָט איר אונדז געהאַלטן — איצט וועלן מיר אייך אַביסל צוקוועטשן. אייך ווילט זיך אויך וואַרעמקייט, אָבער האָליאַ, אַ ווײַלעטשקע.

— שירע שאַג! ברייטער דעם טריט! — שרייט דער קאַראַול־נאַטשאַלניק.

ער מעג איצט וואַרטן אָבער נישט דערוואַרטן זיך דעם „ברייטערן טריט״. די קאָלאָנע באַוועגט זיך מיט גלייכע און שטילע טריט, זי גייט

ווי אויף אַ לוויה. נישטאָ שוין וואָס צו פאַרלירן. נישט געוואָלט זיך באַגיין מיט אונדז מענטשלעך זאָל ער איצט פּלאַצן שרייענדיק.

דער נאַטשאַלניק האָט געשריגן, געשריגן און אויפגעהערט. ער האָט גוט פאַרשטאַנען אַז די אַרעסטאַנטן וועלן איצט שנעלער נישט גיין. שיסן טאָר מען נישט: זיי גייען דאָך אין קאָלאָנע, צו פינפטלעך, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. אונטערטרייבן האָט ער נישט קיין רעכט. (די אייניציקע רעטונג פאַר די אַרעסטאַנטן איז וואָס זיי גייען פּאַמעלעך: אין לאַגער, ווער עס גייט מיט שנעלע טריט, דער וועט צום טערמין נישט דערגיין, ער וועט אויספּאַרען, פאַלן פון די פיס).

זיי גייען אַקוראַטנע גלייך און סקריפּען מיט די וואָליקעס איבערן שניי. ווער רעדט שטילינקע און ווער שווייגט. שוכאָוו האָט זיך אָנגע־שטרענגט, געוואָלט דערמאָנען — וואָס ער האָט אין דער פרי נישט באַוויזן דערליידיקן? יאָ, אין סאַנטשאַסט! אָט, ווונדער, ווי אַזוי ער האָט עס ביי דער אַרבעט פאַרגעסן אין דער סאַניטאַרער אָפּטיילונג.

איצט נעמט מען טאַקע אָן אין סאַנטשאַסט, ער וואָלט נאָך געקאָנט באַווייזן אַהין ווען ער זאָל מותּר זיין אויפן עסן. ער פילט אָבער נישט קיין ברעכן אין די ביינער. אויך קיין היץ וועלן זיי דאָרט נישט אָנמעסטן... אַ שאָד די צייט! ער האָט זיך ווי עס איז אָן עצה געגעבן אָן אַ דאָקטאָר. זיי קאָנען דיר העלפן גיכער אין קבר אַריין.

שוין נישט וועגן דער סאַנטשאַסט טראַכט ער איצט נאָר וועגן דעם מיט וואָס זיך אַרויסהעלפן ביים אָוונט־ברויט? די גאַנצע האָפענונג איז אין צעזאַרן — ער זאָל נאָר באַקומען דאָס פּעקל.

פּלוצים איז אַן אַנדערע נשמה אַריין אין דער קאָלאָנע. זי האָט זיך אַ וויג געטאָן, אַ ריס געטאָן פון אָרט, זיך צעברומט, שטאַרקער און שטאַרקער. די לעצטע פינפטלעך, דאָרט וווּ שוכאָוו איז געווען, האָבן געמוזט נישט בלויז צוויילן דעם טריט, נאָר פּשוט לויפן. עטלעכע טריט גיין און ווידער לויפן.

ווען דער סוף קאָלאָנע איז אָנגעקומען צום שפּיץ בערגל האָט אויך שוכאָוו באַמערקט אין וואָס די זאַך באַשטייט. פון זייער רעכטער זייט,

ווייט אין סטעפּ, האָט זיך געזען דער שאָטן פון אַן אַנדערער קאָלאָנע. יענע, האָבן ווייזט אויס אויך פאַרשנעלערט די טריט.

דאָס איז מסתמא די קאָלאָנע פון מעכאַנישן זאַוואָד, זיי זענען טאַקע אַ מאַן דריי הונדערט. אויך זיי איז, ווייזט אויס, היינט אַוועק נישט פויגלדיק, מ׳האָט זיי אויך פאַרהאַלטן. אָבער אינטערעסאַנט, פאַרוואָס? וואָס אַן אמת מאַכט עס זיך געבוג אָפּט: פאַר נישט באַווייזן צו דער צייט ענדיקן דעם רעמאָנט פון אַ מאַשין, אָדער פאַר עפּעס אַנדערש. באַר זיי האָבן עס אין דר׳ערד — זיי זיצן דאָך אין וואַרעמקייט.

איצט, איז ווער ועמען; חברה לויפן — ווער גיכער? אויך די קאָנוואָיענטן בלייבן נישט היינטערשטעליק. בלויז דער נאַטשקאַר שרייט:

— נישט צעציען זיך! די פון הינ—טן נישט אָפּשטיין!

אַז די באַקציין זאָל מען דיר רייסן, וואָס האָסטו זיך אַזוי צעבילט? וואָס, מיר שטייען דען אָפּ?

אין קאָלאָנע האָט מען דערוויל פאַרגעסן, ווער וועגן וואָס עס האָט גערעדט, ווער וועגן וואָס האָט געקלערט, בלויז איין געדאַנק האָט אַלעמען באַהערשט.

— דעריאָגן! דעריאָגן! איבעריאָגן!

אַל׳ץ האָט זיך אויסגעמישט, קאַשע מיט באָטשווענע: די קאָנוואָיענטן זענען שוין נישט קיין שונאים פון די אַרעסטירטע, די שונאים זענען גאָר יענע, די צווייטע קאָלאָנע.

מ׳איז פריילעכער געוואָרן, ס׳איז פאַרשוווּנדן דער כעס.

— דאַוואַי! דערלאַנג! — שרייען די הינטערשטע רייען צו די פאָדערשטע.

אונדזער קאָלאָנע איז אָנגעקומען צו דער גאַס. יענע, פון מעכאַנזאַוואָד, איז פאַרפאַלן געוואָרן הינטער די הייזער־בלאָקן. יעצט קומט פאַר דער געיעג בלינדערהייט.

מיר זענען אַרויף אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג. אויך די קאָנוואָ־יענטן, ביי דער זייט, איז געוואָרן גרינגער צו גיין. יעצט וואָלטן מיר געדאַרפט איבעריאָגן יענע!

מיר מוזן אָנקומען פריער ווייל זייער בריגאַדע ווערט שטאַרק

דורכגעטאַפּט. דאָס איז נאָכדעם ווי אין לאַגער זענען געווען פאַלן פון שעכטן איינער דעם אַנדערן. באַטשאַלסטוואָ איז געקומען צום אויספיר אַז די מעסער ווערן אַריינגעבראַכט פון מעכאַנישן זאַוואָד. דערפאַר טאַקע דויערט דאָס באַטאַפּן זיי לאַנג. אַפילו אָסיען־צייט, ווען די ערד איז שוין געפרוירן, הערט מען שרייען:

— מעכאַנישער זאַוואָד, אויסטאָן די שיך! די שיך האַלטן אין די הענט!

אַזוי שטייען זיי באָרוועסע ביים באַטאַפּן.

אויך איצט, ביי אַזאַ פראָסט, קאָן עס געשען:

— דו דאָרט, צי אַראָפּ דעם רעכטן וואָילעק! און דו, מאַך זיך נישט גאַפּעוואַט, צי אַראָפּ דעם לינקן!

אַראָפּגעצויגן דעם וואָילעק מוז דער אַרעסטירטער, אונטערשפּרינ־גענדיק אויף איין פוס, אויסטרייסלען אים, אַרויסנעמען די אָנוצע און אויך אַ טרייסל טאָן, ווייזן: זע, נישטאָ קיין מעסער.

אין לאַגער האָט מען געשמועסט — שוכאָוו ווייסט נישט וויפל אמת ס׳איז פאַראַן דערין — אַז פאַריקן זומער, בעת מ׳האָט געבראַכט אין זאַנע די קלעצער צום האַנט־באַל פּלאַץ, זענען אַריינגעשמוגלט געוואָרן דערביי די מעסערס. אין יעדן פון די קלעצער זאָלן זיין געווען באַהאַלטן צו צען לאַנגע מעסערס. איצט מאַכט זיך זעלטן אַז מ׳זאָל ביי וועמען געפונען אַ מעסער, כאָטש עס טרעפט זיך.

האַלב לויפנדיק האָט די קאָלאָנע געמיטן דעם נייעם קלוב, דעם וווינונגס־קוואַרטאַל, די סטאָליער־וואַרשטאַטן און אַרויסגעקומען אויפן גלייכן וועג פאַרן אַריינגאַנגס־טויער.

— האַ־האַ־האַ! — האָבן אַלע בקול רם אַ געשריי געטאָן.

דאָס טויער איז געווען זייער ציל. יענע פון מעכאַנזאַוואָד זענען געבליבן ווייט פון הינטן, כמעט הונדערט פופציק מעטער.

יעצט קאָן מען שוין אויפהערן לויפן. דער עולם איז פריידיק. דאָס איז אָבער אַ פרייד פון האָזן: קוקט, די זשאַבעס זענען נאָך שוואַכער, זיי האָבן מורא פאַר אונדז!...

אָט איז דער לאַגער. אַזאַ ווי מ׳האָט אים געלאָזן אין דער פרי אַזאַ איז

ער איצט — נאַכט. איבער דער זאָנע, אַ פלויט פון פייערלעך, גאָר געדיכט ברענען די לאַמטערנעס נעבן וואַכטע, דער גאַנצער פלאַץ איז ווי פאַרגאָסן פון זונען־ליכט. אַלץ איז צוגעגרייט צום פילצעוועון.

נאָך פאַרן דערנענטערן זיך צו דער וואַכטע...

— שטיי! — שרייט דער געהילף פון נאַטשקאַר.

איבערגעבנדיק דעם אויטאָמאַט איינעם פון די סאָלדאַטן, לויפט ער צו דער קאָלאָנע (מיט דעם אויטאָמאַט איז זיי פאַרבאָטן דערנענטערן זיך צו די אַרעסטאַנטן) און שרייט:

— אַלע, וואָס שטייען פון דער רעכטער זייט און האַלטן האָלץ אין די הענט — אַוועקוואַרפן!

יעדער האָט דאָס ביסל האָלץ געטראָגן אָפן נישט באַהאַלטן, אַזוי אַז ער האָט אַלץ גוט געזען. עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן די בינטלעך האָלץ: איינס, אַ צווייטס, אַ דריטס. פאַראַן אַרעסטאַנטן וואָס קלערן באַהאַלטן אַ ביסל שפּענער, אָבער די שכנים דערלויבן נישט.

— איבער דיר וועט מען ביי אַנדערע אויך צונעמען! וואַרף בעסער אַוועק גוטערהייט!

ווער איז דעם אַרעסטאַנטס גרעסטער שונא? אַ צווייטער אַרעסטאַנט. וואָלטן די אַרעסטאַנטן געווען צווישן זיך געאייניקט — ע־עך!...

— מאַ — אַרש! — שרייט דער געהילף פון נאַטשקאַר.

און — מ׳איז אַוועק צו דער וואַכטע.

פינף וועגן גייען זיך צונויף נעבן וואַכטע. פריער פלעגן זיך דאָ שטאַרק שטופּן די צוריקקומענדיקע פון אַרבעט קאָלאָנעס. איצט ווערט דער אַרום צו ביסלעך פאַרבויט מיט הייזער. מיט דער צייט וועט דער פלאַץ, וווּ מען פילצעוועט איצט די אַרעסטאַנטן, זיכער ווערן דער צענטער פון דער נייער שטאָט. דאָ, וווּ עס גייען איצט קאָלאָנעס פון אַרעסטאַנטן, וועלן שפּעטער, אין דער נייער יינגער שטאָט, איילן צום הויפּט־פּלאַץ פריידיקע שערענגעס דעמאָנסטראַנטן.

די אויפזעער האָבן זיך געוואַרעמט אין וואַכטע־בניין. זיי גייען איצט אַרויס פון דאָרט, און שטעלן זיך אין דער ברייט פון וועג.

— אויפקנעפּלען! פאַנאַנדערבינדן די פופייקעס!

זיי האָלטן צעשפּרייט די הענט גרייטע אויסצוטאַפּן די קלענסטע זאַך, אויסצוטרייסלען פון דער בעסטער אַפילו באַהעלטעניש, אויסצוטרייבערן! עס הזרט זיך איבער אַלץ אַזוי ווי עס איז געווען אין דער פרי.

יעצט איז אָבער נישט אַזוי שרעקלעך אויפצוקנעפלען זיך, מען גייט דאָך אַהיים.

אַזוי זאָגן אַלע — „אַהיים".

דער שפּיץ פון קאָלאָנע איז שוין באַטאַפּט געוואָרן ווען שוכאָוו האָט זיך דערגענטערט צו צעזאַרן:

— צעזאַר מאַרקאָוויטש! איך וועל גלייך פונדאַנעט לויפן אין פּאָסילאָטשנע, פאַרנעמען אַ ריי, גוט?

צעזאַר האָט אַ דריי געטאָן מיט די געדיכטע, שוואַרצע, איצט באַדעקטע מיט ווייסן פראָסט, וואָנצעס:

— כ'ווייס נישט, איוואַן דעניסיטש, צי דאָס האָט אַ זין; ס'קאָן דאָך גאָר קיין פּעקל נישט זיין.

— ס'מאַכט נישט, וועט נישט זיין איז נישט, כ'וועל דאָרט וואַרטן אַ מינוט צען אויב איר וועט נישט קומען גיי איך אין באַראַק.

(שוכאָוו קלערט דערביי: וועט נישט זיין צעזאַר וועט זיין אַ צווייטער, דאָס אָרט אין אָטשערעד וועט זיך פאַרקויפן).

ווייזט אויס אַז צעזאַר אַליין האָט זיך שוין שטאַרק פאַרבענקט נאָך אַ פּעקל!

— גוט, איוואַן דעניסיטש, לויף, פאַרנעם אַן אָרט. געדענק, זאָלסט אויף מיר נישט וואַרטן מער פון צען מינוט.

דאָס באַטאַפּן דערנענטערט זיך. באַלד וועט זיין די ריי אויף שוכאָוון, ער גייט היינט אַנטקעגן אָן שרעק — ער האָט נישט וואָס צו באַהאַלטן. פּאַמעלעכקע צעשפּיליעט ער זיך, בינדט פאַנאַנדער דעם ברעזענטענעם רימען פון דער פופייקע.

כאָטש ער זעט נישט ער זאָל זיין מיט עפּעס זינדיק, ער זאָל האָבן ביי זיך עפּעס וואָס מען טאָר נישט, שטרענגט ער דאָך אָן דעם זכרון: אַכט יאָר לאַגער־לעבן זענען אים אַריין אין בלוט! ער שטעקט אַריין די האַנט

אין דער צוגעשפּילעטער אויף דער הויזן־קני קעשענע כאַטש ער ווייסט אַז דאָרט קאָן זיך גאָרנישט געפינען.

עס איז אָבער יאָ עפּעס געלעגן: אַ שטיקל שטאָל־בלעך!! אַ שטיקל אייזן וועלכעס ער האָט היינט, ביי דער אַרבעט, אויפגעהויבן. פּשוט אויפגעהויבן צוליב געוווינהייט, גאָרנישט געקלערט ברענגען עס אין לאַגער אַריין.

באמת נישט געקלערט, אָבער איצט, ווען ער האָט עס שוין, איז פּשוט אַ שאָד אַוועקצוואַרפן. ווען מ'זאָל עס אַ ביסל אַרומשלייפן קאָן דערפון ווערן אַ שטיקל מעסער אַזאַ אויף צורעכט מאַכן אַ וואַילעק, אָדער צו שניידער־אַרבעט!

וואָלט ער טאַקע געקלערט דורכשמוגלען עס, האָט ער געקאָנט צוטראַכטן אַ בעסער אָרט ווו צו באַהאַלטן. איצט איז שוין נישט געבליבן קיין צייט אויף טראַכטן: בלויז צוויי פינפטלעך שטייען אין ריי פאַר אים. אָט איז שוין איין פינפטל אַוועק...

מ'דאַרף גיך באַשליסן: אַרויסוואַרפן דאָס שטיקל שטאָל־בלעך אויפן שניי (זיי וועלן עס גלייך געפינען אָבער נישט וויסן ווער האָט עס אַהער געבראַכט) אָדער טאַקע אַדורכטראָגן!

פאַר דעם שטיקל שטאָל־בלעך, אויב זיי זאָלן עס קוואַליפיצירן אַלס מעסער, קאָן מען אַריינכאַפּן צען מעת לעת קאַרצער.

האָבן אַ שוסטער־מעסערל, הייסט אָבער האָבן מיט וואָס צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט!

עס איז אַ שאָד אַוועקצוואַרפן.

שוכאָוו האָט עס פאַרשטעקט אין דער איינפינגערדיקער וואַטענער הענטשקע.

אָט איז געפאַלן דער באַפעל, פאַרן לעצטן פינפטל: — דערנענטערן זיך!

דריי זענען זיי איצט געבליבן אונטער פולער באַלייכטונג: שוכאָוו, סעניאַ און דער יאַט פון דער 3־טער, דער וועלכער איז פריער געלאָפן זוכן דעם מאָלדאַוואַנער.

דערפאַר וואָס זיי זענען געווען נישט מער ווי דריי און אַקעגנאיבער

זענען געשטאַנען פּיגף אויפזעער האָט מען געקאָנט אַ כיטרעווע טאָן:
אויסקלייבן צו וועמען גיין. שוכאָוו האָט באַשלאָסן נישט גיין צום ייגגערן
מיט די ראָזעווע באַקן נאָר צום אַלטן, דעם מיט די גרויע וואָנצעס.
דער אַלטער איז טאַקע אַ מער דורכגעטריבענער און ווען ער זאָל נאָר
וועלן וועט ער זיכער געפינען אָבער טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט שוין
ביי דער אַרבעט די ציין אויפגעגעסן קאָן ער גאָרנישט האָבן אַזאַ גרויסן
חשק צו זוכן.

שוכאָוו האָט אויף דער גיך געגומען אין האַנט ביידע הענטשקעס,
די ליידיקע און די ווו ס'איז באַהאַלטן געווען דאָס שטיקל שטאָל־בלעך,
אויסשטעלנדיק אויף פאָרנט, צום אויפזעער, די פוסטע הענטשקע. ער
האָט נאָך אין דערזעלבער האַנט גענומען דאָס שטיקל שטריק וואָס האָט
אים געדינט אַלס גאַרטל צו דער פופייקע און מיט אויפגעשפילעטע פּאָלעס
געגאַנגען אַנטקעגן דעם אויפזעער. קיינמאָל נאָך האָט ער נישט אַרויס־
געוויזן אַזויפיל הכנעה ביים פילצעווען ווי היינט, געוואָלט ווייזן אַז ער
האָט נישט פאַרוואָס מורא צו האָבן.

דער אויפזעער, טאַקע דער מיט די גרויע וואָנצעס, האָט געקלאַפּט
שוכאָוון איבער די זייטן, און פּלייצע, געקלאַפּט איבער דער צוגעשפּיליע־
טער צו די הויזן־קני קעשענע — נישטאָ גאָרנישט; באַטאַפּט די פּאָלעס
פון דער פופייקע, פון בושלאַט — אויך גאָרנישט דאָ, און כדי זיין
אינגאַנצן זיכער אויך אַ טאַפּ געטאָן איינע פון די הענטשקעס וועלכע
שוכאָוו האָט געהאַלטן אויסגעשטרעקט, טאַקע די פוסטע.

ווען יענער האָט געטאַפּט די ערשטע הענטשקע האָט שוכאָוו געפילט
ווי מ'וואָלט אים אינעווייניק מיט קלעשטשעס, געקוועטשט. נאָך אַזאַ טאַפּ
איבער דער צווייטער הענטשקע — און ער ווערט פאַרשרפט אין קאַרצער
— אויף דריי הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג, און אַ ביסל הייס געקעכטס
יעדן דריטן טאָג. ער האָט זיך גלייך דערזען ווי ער ווערט אָפּגעשוואַכט,
ווי ער הונגערט, ווי שווער ס'איז אים צוריקצוקומען צום האַרטן צושטאַנד
פון הייגט צום נישט הונגער און נישט זאַטזיין.

אַ תפילה האָט זיך מיט דער גאַנצער שאַרפקייט געריסן פון זיין
נשמה: „אָ גאָט! האָספּאָדי! ראַטעווע! גיב מיר נישט קיין קאַרצער!"

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן איִם באַהערשט אַזוי לאַנג ווי דער אויפזעער האָט געטאַפּט די ליידיקע הענטשקע און געהאַלטן ביים איבערטראָגן די האַנט צו דער צווייטער (ער וואָלט די הענטשקעס אויסגעטאַפּט מיט איין קלאַפּ פון ביידע הענט, ווען שוכאָוו זאָל זיי געוועזן האַלטן יעדע באַזונדער).

דער וואַך־נאַטשאַלניק, וועלכער האָט געוואָלט וואָס גיכער פאַרענדיקן די זאַך, האָט באַפוילן דעם קאָנוואָי:

— גו, אַהער דעם מעכאַנזאַוואָד!

דער מיט די גרויע וואָנצעס האָט אַנשטאָט נעמען זיך פאַר שוכאָווס צווייטע הענטשקע, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס ס'האָט געזאָלט באַדייטן: גיי אַדורך!

שוכאָוו האָט גיך אָנגעיאָגט די בריגאַדע. אַלע זענען שוין אויסגעשטעלט געווען צו פינף אין דער ברייט, אַריינגעקוועטשט צווישן צוויי לאַנגע קלעצער ענלעכע צו די ווי מען טרייבט אַריין פערד בעת אַ מאַרק־טאָג. ער איז געלאָפן אַ גרינגער, נישט געפילט די ערד אונטער די פיס. ס'איז שוין אַפילו קיין צייט נישט געווען נאָך אַ מאָל תפילה צו טאָן און דאַנקען גאָט פאַר דעם חסד; עס האָט שוין אפשר אויך נישט געהאַט קיין זין דאָס צו טאָן.

דער קאָנוואָי וואָס האָט אַהערגעבראַכט זייער קאָלאָנע איז (וואַרטנדיק אויפן נאַטשאַלניק) דערווייל אַוועק אין אַ זייט און אָפּגעטרעטן דאָס אָרט פאַר די קאָנוואָיעגטן פון מעכאַנזאַוואָד.

דאָס ביסל האָלץ וואָס די אַרעסטאַנטן האָבן אַוועקגעוואָרפן נאָך איידער זיי זענען דערגאַנגען צום קאָנטראָל האָבן די קאָנוואָיענטן גענומען פאַר זיך, די שפּענער וועלכע מ'האָט ביי זיי צוגענומען בעתן באַטאַפּן זענען געלעגן אויף אַ קופּע נעבן וואַכטע.

די לבנה איז אַלץ העכער אַרויף אויפן הימל, אין דער ווייסער העלער נאַכט איז דער פראָסט געוואָרן פעסטער. דער נאַטשאַלניק פון קאָנוואָי וועלכער איז אַוועק אין וואַכטע אָפּנעמען די קוויטירונג וועלכע ער האָט אין דער פרי אונטערגעשריבן אויף פיר הונדערט דריי און זעכציק קעפּ, האָט דערביי עפּעס געזאָגט פריאַכען, וואָלקאָוואָיס געהילף. יענער האָט אַ געשריי געטאָן:

— קע — פיר הונדערט זעכציק!

דער מאָלדאַוואַנער וועלכער האָט זיך געהאַט אַריינגערוקט אין סאַמע מיטן קאָלאָנע האָט איצט אַ זיפץ געטאָן און אַרויסגעשטרעקט אויף דער רעכטער זייט צוימונג. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אַן אַריינגעצויגענעם צווישן די פּלייצעס.

— אַהער גיי! — האָט אים פּריאָכע אָנגעוויזן.

ער איז אַריבערגעגאַנגען. פאַרלייגן די הענט אויף הינטן און שטיין!

דאָס באַדייט אַז מ׳וועט אים באַשולדיקן אין אַ פּרווו פון וועלן אַנטלויפן און געמען אין „בור״ אַריין.

פאַרן טויער, פון דער רעכטער און לינקער זייט צוים, זענען געשטאַנען צוויי וועכטער. דאָס טויער, כמעט אַ פינף מעטער הויך האָט זיך פאַמעלעך געעפנט. עס איז געקומען אַ באַפעל:

— אַרויסטרעטן צו פינף! („אָפּטרעטן פון טויער!״ האָט מען שוין איצט נישט באַדאַרפט: אַלע טויערן עפענען זיך אויף אינעווייניק, אין זאָגע אַריין, אויב די אַרעסטאַנטן זאָלן וועלן האָבן חשק אויסצוזעצן אַזאַ טויער זאָלן זיי עס נישט קאָנען.) די ערשטע! צווייטע! דריטע!

בעת דער אָוונט־ציילונג אַז דער אַרעסטאַנט גייט אַדורך דאָס לאַגער־טויער איז ער פאַר אַ גאַנצן טאָג אַדורכגעבלאָזן פון ווינטן, אַדורכגעפרוירן, אַ הונגעריקער. אַ שיסעלע הייסע, כאָטש פוסטע זופּ איז פאַר אים דאָס זעלבע ווי אַ רעגן אויף אויסגעברענטע אויסגעטרוקנטע ערד וועלכער ווערט איינגעזאַפּט אָן אַ סימן. אַזאַ שיסעלע זופּ איז פאַר אַן אַרעסטאַנט וויכטיקער ווי זיין גאַנץ ביז איצטיק און אויך שפּעטערדיק לעבן. ער קומט צוריק אין לאַגער מיט אַ פעסטן און ברייטן טריט, פונקט ווי אַ סאָלדאַט וואָס קערט זיך אום פון מלחמה — טרע־עט אָפּ; מאַכט אַ וועג!

די אונטערלעקער וואָס אַרבעטן אין שטאַב־באַראַק נעמט אָן אַ שרעק ווען זיי קוקן אויף די אַריינמאַרשירנדיקע קאָלאָנעס.

ערשט איצט, נאָך דער אָוונט־ציילונג, צום ערשטן מאָל נאָך דעם פרימאָרגן־קלינגען אויף אַרויסגיין, ווערט דער אַרעסטאַנט צוריק אַ פרייער מענטש. ווי נאָר מ׳איז איבערגעשריטן דאָס גרויסע אויסערלעכע

טויער, און דאָס קלײנע אינערלעכע דורכגעגאַנגען צווישן דעם קלעצער־צוים — קאָן מען זיך צעשיטן ווער וווהין עס וויל.

ווער וווהין, אָבער אויף די בריגאַדירן וואַרט שוין דער אַרבעטס־אויפזעער:

— בריגאַדירן! אין „דער פּעפּעטשע”!

שוכאָוו האָט אויף גיך געמיטן דעם „בור”, אַדורך צווישן די באַראַקן און גלייך אַוועק אין פּאָסילאָטשנע. צעזאַר, איז מיט אַ רויִקן טראָט אַוועק אין אַ פּאַרקערטער ריכטונג ווו נעבן אַ סלופּ איז שוין געווען אַ גאַנצער האַרמידער. אויף דעם סלופּ איז געהאַנגען אַ פּאַנירן ברעטל אויף וועלכן ס׳איז אויפגעשריבן געווען מיט אַ בלייפעדער ווער ס׳האָט היינט באַקומען אַ פּעקל.

אין לאַגער ווערט ווייניקער געשריבן אויף פּאַפּיר, און מער אויף פּאַניר. זי איז האַרטער און איז בכלל באַקוועמער. צומאָרגנס ווערט אָפּגעקראַצט און שרייב ווייטער. אַזוי שפּאָרט מען איין פּאַפּיר.

ווער עס איז געבליבן אין זאָנע געפינט זיך אַזאַ מין פּרנסה: ער לייענט איבער דעם נאָמען פון דעם וואָס האָט באַקומען אַ פּעקל און לויפט אַנטקעגן צום טויער, יענעם מודיע זיין דערוועגן. קיין גרויסער רווח איז נישטאָ אָבער אויף איין מאָל פּאַרדיכערן באַקומט מען.

שוכאָוו איז אָנגעקומען צו דער פּאָסילאָטשנע. דאָס איז געווען אַ ביידל, אָן אַ טיר, צוגעטשעפּעט צו אַ באַראַק. דער ווינט האָט דאָרט געבלאָזן ווי ער אַליין האָט געוואָלט. דאָס אייִנציקע גוטס איז געווען דער דאַך איבערן קאָפּ.

לענגאויס דער וואַנט איז שוין געשטאַנען אַן אָטשערעד. שוכאָוו האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער ריי. פאַר אים זענען געשטאַנען אַ מאַן פופצן. דאָס וועט דויערן מער פון אַ שעה, כמעט ביזן קלינגען צום שלאָפן גיין. די פון דער „טעץ”־קאָלאָנע וואָס זענען פריער אַוועק קוקן אויפן פּאַניר־ברעטל, וועלן שוין שטיין הינטער שוכאָוון. אויך די פון מעכאַנזאַוואָד, קאָן אויסקומען אַ צווייט מאָל זיך מטריח זיין אַהערקומען מאָרגן פרי נאָכן פּעקל.

מען שטייט אין אָטשערעד מיט טאָרבעס, מיט זעקעלעך. פון יענער

זייט טיר (שוכאָוו ווייסט עס פון דערציילן ווייל אַליין האָט ער נאָך אין דעם דאָזיקן לאַגער קיין פּעקל נישט באַקומען) ווערט די פּאָסילקע געעפנט און דער אויפזעער נעמט פון דאָרט אַלץ אַרויס, קוקט איבער. געוויסע זאַכן שניידט ער, אַנדערע צעברעכט ער, באַטאַפּט, שיט אויס. אויב אַ פליסקייט אין אַ גלעזערנעם אָדער בלעכערנעם סלאָאיק ווערט זי געעפנט און איבערגעגאָסן. האָסט נישט אין וואָס, אַריין — שטעל כאָטש אונטער די הענט. יענעם סלאָאיק אָדער באַנאָטשקע ווען זיי דיר נישט אַרויסגעבן. איז עס אַ קוכן אָדער אַנדערע זיסוואַרג, קאָלבאַס אָדער פיש, וועט דער אויפזעער אָפּבייסן דערפון. (פּרווו זיך אַקעגנשטעלן וועט ער דיר גלייך אויפווייזן וואָס ס׳איז דערלויבט און וואָס פאַרבאָטן, און ער וועט דיר די פּאָסילקע נישט אַרויסגעבן. ווער עס באַקומט אַ פּעקל מוז טיילן און טיילן). געענדיקט דאָס באַטאַפּן וועלן זיי דיר ערשט דאָס קעסטעלע נישט אָפּגעבן: שאַר אַלץ אַראָפּ אין אַ זעקל אַריין, אָדער אין פּאָלע און טראָג זיך אָפּ וואָס גיכער! מ׳ווערט אַזוי צעחושט אַז מען באַמערקט נישט אַלץ צו נעמען. פאַרגעסטו עפּעס, האָסטו זיך נישט וואָס אומצוקערן — ווערסט עס נישט געפינען.

נאָך אין אוסט־איזשמע, האָט שוכאָוו עטלעכע מאָל באַקומען פּאָסילקעס. ער האָט אָבער אָנגעשריבן דער פרוי זיינער: מ׳דאַרף נישט, זיי קומען אָן אַזוי ווי פּוסטע, בעסער לאָז פאַר די קינדערלעך.

אויף דער פריי איז אים גרינגער געווען צו דורכצוקאָרמען די גאַנצע משפּחה ווי דאָ, בלויז זיך אַליין. ער האָט גוט געוווסט וויפל די פּאָסילקעס קאָסטן און אַז לאַנג וועט די משפּחה נישט אויסהאַלטן. איז שוין בעסער אין גאַנצן נישט באַקומען.

כאָטש ער האָט אַזוי באַשלאָסן איז דאָך, יעדעס מאָל ווען ס׳האָט ווער אין בריגאַדע, אָדער אין באַראַק, באַקומען אַ פּעקל (דאָס הייסט כמעט יעדן טאָג) האָט אים אַ שטאָך געטאָןביים האַרצן, פאַרוואָס ער האָט נישט באַקומען. און כאָטש ער האָט דער פרוי שטרענג פאַרבאָטן שיקן פּעקלעך, אפילו אויף פּאַסכע, און איז קיין מאָל נישט געגאַנגען לייענען צום סלופּ (אַ חוץ אַמאָל אין אַ שליחות פאַר אַ חבר פון בריגאַדע), האָט ער דאָך

פון צייט צו צייט געהאַפּט אַז ס׳וועט אַמאָל עמעץ קומען צולויפן מיט דער בשורה:

— שוכאָוו! וואָס וואַרטסטו, וואָס גייסטו נישט אַהין? האָסט דאָך באַקומען אַ פּעקל!

קיינער איז אָבער קיין מאָל נישט געקומען צו לויפן...

אויף דערמאָנען זיין היימאַטס־דאָרף טעמגעניעוואָ, זיין שטוב, איז וואָס אַ מאָל ווייניקער געוועזן סיבות... דאָס דאָזיקע לעבן, פון אויפשטיין ביזן שלאָפן גיין, האָט אַריינגעדרייט ווי אַ ראָד פון אַ מיל, האָט נישט איבער־געלאָזן קיין אָרט אויף פרייע טרוימערייען.

איצט, ווען ער שטייט אין אָטשערעד צוזאַמען מיט די וואָס פילן ווי אָט און זייערע בייכער ווערן פול, און זייערע ציין בייסן זיך איין אין אַ שטיק סאַלע, זען אפילו ווי זיי שמירן די פּוטער איבערן ברויט, וואַרפן שטיקלעך צוקער אין טיי אַריין, האָט שוכאָוו גאָר אַנדערע זאָרגן: ער זאָל נאָר באַוויזן אָנקומען אין סטאָלאָווע אַריין ווען די בריגאַדע וועט נאָך דאָרט זיין, אויך די שיסל באַלאַנדאַ זאָל זיין הייס. קאַלטע באַלאַנדע, אין פאַרגלייך מיט הייסע, איז אַ גאָרנישט.

ער טראַכט: אויב געפינט זיך נישט צעזאַר אויף דער ליסטע פון די וואָס האָבן באַקומען פּעקלעך, דאַרף ער שוין זיין צוריק אין באַראַק, אויב ווידער יאָ, איז ער אויך אין באַראַק און קלייבט די זעקלעך מיט די טעפּלעך אויף אָפּנעמען די פּאָסילקע. האָט ער דאָך צוגעזאָגט צעזאַרן אַז ער וועט דאָ וואַרטן אַ מינוט צען.

אין אָטשערעד האַלט מען אַז די וואָך וועט ווידער נישט זיין קיין זונטיק. זיי וועלן אים צונעמען! כאָטש מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן דערויף, ווייל ווען אַ חודש האָט פינף זונטיקן נעמען זיי שטענדיק צו צוויי, קאָרטשעט זיך דאָך די נשמה פאַר ווייטאָק: עס ווערט פאַרפאַלן אַזאַ לייבלעך נאָענטער טאָג ווי זונטיק! געהערכט זענען די וואָס זאָגן אַז נאַ־טשאַלסטוואָ קאָן אויך קאַליע מאַכן אַ פרייען זונטיק, זיי קאָנען אויסקלערן אַ גיין אין באָד אַריין, זיי קאָנען מכבד זיין מיט שטעלן אַ פּלויט אָדער מיט אַזאַ „אומשולדיקע" זאַך ווי מיט רייניקן דעם הויף. זיי קאָנען אויך פאַראָרדענען אויסטוישן אָדער לופטערן די מאַטראַצן, הרגנען וואַנצן אין

די וואַגאָנקעס אָדער אַדורכפירן אַ קאָנטראָל פון די דאָקומענטן, אַן איבער־ווענטאַריזאַציע פון אַרעסטאַנטסקע האָב און גוטס — שלעפּ דאַן אַרויס אַלץ אויפן הויף און זיץ דערמיט אַ האַלבן טאָג.

צום מיינסטן קאָנען זיי בעת אַ זונטיק־טאָג נישט פאַרגינען ווען די אַרעסטאַנטן כאַפּן אַ דרעמל נאָכן אָנבייסן.

פאַמעלעך האָט די אָטשערעד זיך געריקט פאָרויס. עטלעכע פאַרשוי־נען האָבן זיך אין איר אַריינגעשטופּט נאָכאַלנע, איינער אַ פריזירער, אַ בוכאַלטער און נאָך אַזאַ וואָס אַרבעט אין ביוראָ. אַ געזינדל לומפּען וואָס גייט נישט צו דער אַרבעט און וואַרעמט זיך אין זאָנע. די גרעסטע טייל אַרעסטאַנטן קאָן נישט קוקן אויף זיי ווי מ׳קאָן נישט קוקן אויף אָפּגעשונדענער נבלה (זיי ווידער האַלטן זיך אין באַצוג צו די אַרעסטאַנטן ווי דאָס אויבערשטע פון שטויסל). אַריינגיין מיט זיי אין אַ מחלוקה לוינט נישט. זיי האָבן צווישן זיך, פּונקט ווי מיט די אויפזעער, יד אחת.

אין אָטשערעד פאַר שוכאָוון זענען געשטאַנען אַ מאַן צען, הינטער אים — זיבן, ווען אין דער טיר־עפענונג, איינבייגנדיק זיך, איז אַריין צעזאַר אָנגעטאָן אינעם נייעם פוטערנעם הוט וועלכן ער האָט באַקומען פון דער פריי. (דאָס איז אַ הוט! צעזאַר האָט זיכער אימיצן געמוזט אונטערשמירן אַז מ׳זאָל אים דערלויבן טראָגן אַזאַ הוט. ביי אַנדערע האָט מען אַפילו צוגענומען אָפּגעריבענע זעלנערישע, אַרויסגעבנדיק אויף זייער אָרט לאַגער־היטלעך פון חזיר־פוטער).

צעזאַר האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן צו שוכאָוון און זיך גלייך געוואָנדן צו איינעם אַ טשודאַק וועלכער איז געשטאַנען אין אָטשערעד און געלייענט אַ צייטונג:

— אַ־אַ־אַ! פּיאָטר מיכאַיליטש!

ביידע האָבן ממש אויפגעלויכטן. זיי זענען צוגעפאַלן צו זיך ווי אַ שטערצל צו אַ טעפּל:

— איך האָב אַ „וועטשערקע״[1]) — האָט זיך אָנגערופן דער טשודאַק —

---

1) דאָ מיינט זיך זיכער די מאָסקווער נאָכמיטאָג־צייטונג, „וועטשערנאַיאַ מאָסקוואַ״ (איבערז.).

אַ פרישע, ערשט באַקומען מיט פּאָסט.

— טאַקע?! — צעזאַר האָט זיך כמעט אַ גאַנצער אַריינגערוקט אין צייטונג. נאָר וואָס קאָן מען איבערלייענען ביי אַזאַ בלינד לעמפּל, וואָס הענגט דאָ אויפן סופיט?

— פאַראַן אין צייטונג אַן אינטערעסאַנטע רעצענזיע וועגן זאַוואָדסקיס[1] פּרעמיערע!...

זיי, די מאָסקווער, שפּירן איינער דעם צווייטן נאָך פון ווייטן, אַזוי ווי די הינט. ווען זיי טרעפן זיך באַשמעקט מען זיך איין מאָל, אַ צווייטס, זיי האָבן זיך שוין זייער אופן פון באַשמעקן, דערנאָך הייבן זיי אָן שיטן מיט רייד — ווער וועמען! ווען זיי דרעשן מיט די צינגער וועסטו זעלטן הערן אַ רוסיש וואָרט, אַזאַ מ׳זאָל עס קאָנען פאַרשטיין, ס׳איז פּונקט ווי ס׳וואָלטן גערעדט לעטן אָדער רומענער.

ביי דעם אַלעם האָט אָבער צעזאַר נישט פאַרגעסן ברענגען די זעקעלעך אויף אָפּנעמען די פּאָסילקע.

— צי זאָל איך... צעזאַר מאַרקאָוויטש... — שיפּעליאָוועט שוכאָוו — זאָל איך, אפשר, שוין גיין?

— פאַרשטייט זיך, יאָ — צעזאַר האָט אויפגעהויבן פון איבער דער צייטונג, די שוואַרצע וואָנצעס — פאַרשטייט זיך, דאָס הייסט... נאָך וועמען שטיי איך? ווער שטייט הינטער מיר??

שוכאָוו האָט פאַרטייטשט ווער הינטער וועמען עס שטייט און נישט וואַרטנדיק ביז צעזאַר וועט זיך אַליין דערטראַכטן גלייך אַ פרעג געטאָן:

— און דאָס אָוונט־ברויט ברענגען פאַר אייך?

(דאָס מיינט ברענגען פון סטאָלאָווע אין באַראַק אַריין. אַרויסטראָגן עס פון סטאָלאָווע איז שטרענג פאַרבאָטן. שוין פיל פּריקאַזן געווען דערויף אָבער עס העלפט נישט. ווען מ׳כאַפּט איינעם מיט אַזאַ טעפּעלע זופּ גיסט מען אויס און מען וואַרפט אים נאָך אין קאַרצער אַריין. דאָך

---

1) יורי זאַוואַדסקי — באַקאַנטער סאָוויעטישער רעזשיסאָר, אַ שילער פון וואַכטאַנגאָוו (איבערז.).

טראָגט מען און מ׳וועט טראָגן, אויב אימיץ האָט עפּעס צו דערליידיקן, וועט ער נישט באַוויזן קומען צו דער צייט אין סטאָלאָווע).

שוכאָוו האָט טאַקע געפּרעגט ביי צעזאַרן צי ער זאָל אים ברענגען דאָס אוונט־ברויט אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער געקלערט: „צי וועסטו מיר נישט אַוועקשענקען דאָס ביסל פּוסטע באַלאַנדאַ? קאַשע איז דאָך אויף אוונט־ברויט נישטאָ!”

— אָ, מ׳דאַרף נישט, איוואַן דעניסיטש — האָט צעזאַר אַ שמייכל געטאָן — דאָס אוונט־ברויט נעם פאַר זיך.

אויף דעם האָט שוכאָוו נאָר געוואַרט. ווי אַ פויגל וועלכן מ׳לאָזט אַרויס אויף דער פריי אַזוי האָט ער זיך אַ ריס געטאָן און אַוועק, העט איבער דער זאָנע!

די זאָנע איז פול מיט אַרעסטאַנטן. געווען שוין אַ פריקאַז פון לאַגער־נאַטשאַלניק, אַז אַרעסטאַנטן טאָרן נישט גיין איבער דער זאָנע, יעדער באַזונדער, ווי עס לאָזט זיך נאָר, מען דאַרף פירן אין געשלאָסענע רייען די גאַנצע בריגאַדע. דאָרט, וווּ עס לאָזט זיך נישט, אַ שטייגער אין סאַנטשאַסט אַריין אָדער אין קלאָזעט, דאַרף מען זען צונויפשטוקעווען אַ גרופּע פון פיר־פינף מענטשן, באַשטימען צווישן זיי אַן עלטסטן וועלכער זאָל זיי אָפּפירן און צוריקברענגען.

דער נאַטשאַלניק פון לאַגער האָט זיך שטאַרק געהאַלטן ביי זיינס. קיינער האָט אים נישט געוואַגט זאָגן: ניין. די אויפזעער האָבן געטשאַטעט אויף איינצלנע „שפּאַצירער”, פאַרשריבן די נומערן זייערע, געשלעפּט אין „בור” אַריין און דאָך האָט זיך דער פריקאַז איינגעבראָכן, און דאָס שטילערהייט ווי פיל אַנדערע רוישיקע באַפעלן. לאָמיר זאָגן מען רופט אַרויס אַן אַרעסטאַנט, כדי דערלאַנגען אים אין דער מאַמען אַריין צי דאַרף ער האָבן אַ שאַלאַטן־שמש? איינער דאַרף גיין אָפּנעמען אַ פאַסילקע צי דאַרף מען מיטשיקן די בריגאַדע? עס גייט ווער אין קלוב אַריין איבערלייענען אַ צייטונג צי דאַרף מען אים באַגלייטן? עס דאַרף ווער גיין צורעכטמאַכן אַ וואַילעק, ווער אויסטרוקענען אַ פּאָר שמאַטעס, סתם אַזוי אין אַ שכנות־דיקן באַראַק אַריין (גיין פון באַראַק צו באַראַק דאָס איז גאָר טריפה!) — ווו וועסטו פאַר יעדן נעמען אַ שומר?

מיט דעם דאָזיקן באַפעל האָט דער נאַטשאַלניק געוואָלט צונעמען ביי די אַרעסטאַנטן דאָס לעצטע ביסל פרייהייט, דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען, דעם גראָבן פּעמפּיק.

לויפנדיק צום באַראַק האָט שוכאָוו זיך אָנגעשטויסן אויפן אויפזעער און גלייך אַראָפּגעצויגן פאַר אים דעם הוט. אין באַראַק רויִשט ווי אין אַ מיל: ביי דעם האָט מען צוגעגנבעט דעם פאַיאַק, ביי יענעם עפּעס אַנדערש, איינער שרייט אויפן צווייטן. אין ווינקל פון דער 104־טער איז שטיל.

דעם היינטיקן אָוונט, פון אָנקומען אין זאָנע אַריין, האָלט שוכאָוו, פאַר אַ מזלדיקן, דערצו נאָך געטראָפן נישט איבערגעדרייטע מאַטראַצן — דאָס אַליין איז שוין גליק! אַ וואָרף געטאָן זיך צו זיין געלעגער, אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם ברישליק, די הענטשקעס (צוזאַמען מיטן שטיקל באַהאַלטענעם דאָרט שטאָל־בלעך) און גלייך אַריינגעלאָזן די פינגער צו דעם אָרט אין מאַטראַץ וווּ ער האָט אין דער פרי באַהאַלטן דאָס שטיקל ברויט — ס'איז דאָ! ער האָט זיך געפרייט. אַ גוטער איינפאַל געווען פאַרנייען דעם מאַטראַץ!

איצט דאַרף מען וואָס גיכער אין סטאָלאָווע אַריין!

אַדורכגעשלייכט זיך ביזן סטאָלאָווע און נישט אָנגעטראָפן אויפן אויפזעער! בלויז אַרעסטאַנטן זענען געגאַנגען פון סטאָלאָווע און העפטיק געשמועסט וועגן אַ ביסל עסן, און וועגן אַ שטיקל ברויט.

די לבנה האָט וואָס אַ מאָל העלער באַלויכטן דעם דרויסן. די לאַמטערנעס זענען איצט ווי אָפּגעבליאַקעוועט. פון די באַראַקן פאַלן שוואַרצע שאָטנס. דער אַריינגאַנג אין סטאָלאָווע, מיט די פיר ברייטע טרעפּ, געפינט זיך אין שאָטן. איבער דעם אַריינגאַנג האָט געוויגט זיך און סקריפּעט אַ קליינע לאַמטערנע. די לעמפּלעך לייכטן מיט קאָלירן פון רעגנבויגן. שווער צו זאָגן צי דאָס קומט פון פראָסט אָדער פון דער בלאָטע פון וועלכע עס פאַלט צוריק זייער אָפּשיין.

געווען אויך אַ שטרענגער באַפעל פון לאַגער־נאַטשאַלניק אַז אין סטאָלאָווע דאַרף מען פירן צו צוויי בריגאַדעס פאַר אַ מאָל. ביי די טרעפּ

מוזן זיי זיך אויסשטעלן צו פינף אין אַ ריי און וואַרטן ביז דער דעזשורנע וועט אַריינלאָזן אינעווייניק.

אויף דעם פּאָסטן פון דעזשורנע ביי דער סטאָלאָווע האָט שוין געהאַט חזקה כראָמאָי, פון דעם הינקן זיינעם האָט ער געמאַכט אַ פּאַך, געוואָרן אַן אינוואַליד. אין דער אמתן איז ער געזונט אייזן, דער מנוול — איינגעשאַפּט זיך אַ בעריאָזענעם שטעקן — באַגלייט ער מיט אים יעדן וואָס פּרוּווט דורכגיין אין סטאָלאָווע אָן זיין דערלויבעניש. אפשר נישט יעדן, ווייל כאָטש ס׳איז פינצטער, זעט ער אָבער גאַנץ גוט וועמען ער קאָן מכבד זיין און וועמען נישט. דאָרט ווו ער קאָן צוריקבאַקומען אין מאָרדע איז ער פאַר־זיכטיק. דערפאַר זשאַלעוועט ער נישט די וואָס זענען שוין געשלאָגן פון גורל, שוכאָוו האָט שוין אויך אַ מאָל באַקומען פון אים אַ יאָג.

לויט דער פונקציע איז ער נישט מער ווי אַ דעזשורנע נעבן סטאָלאָווע, אַ דניעוואַלנע, אָבער אין דער אמתן איז ער אַ פירשט! חברט זיך מיט די קוכערס!

היינט קלאַפּט דאָ עפּעס נישט. איז עס דערפאַר וואָס די בריגאַדעס זענען אָנגעקומען מיטאַמאָל אָדער מ׳האָט זיי דאָ לאַנג מושטרירט, אַ פאַקט איז אַז דער אַריינגאַנג אין סטאָלאָווע איז באַקלעפּט פון אַרעסטאַנטן. אויף די טרעפּן שטייט כראָמאָי, זיין אונטערשטופּער, און דער פּאַרוואַלטער פון סטאָלאָווע, זיי גיבן זיך אַן עצה, די האַדיוקעס, אָן הילף פון די אויפזעער.

דער פּאַרוואַלטער פון סטאָלאָווע איז אַן אויסגעקאָרמעטער חזיר מיט אַ קאָפּ ווי אַ קאַוועוע און פּלייצעס — אַן אַרשין די ברייט. כּוח האָט ער כאָטש נעם ביי אים אָפּ, גייט ווי אויף פּרוזשינעס, טראָגט אַ היטל פון ווייסן פוך אָן אַ נומער. קיינער פון די פרייע האָט נישט אַזאַ היטל. ער האָט אויך אַ וועסטל פון שעפּסן־פעל און אויף דעם וועסטל, איבער דער ברוסט, אַ נומערל גרויס ווי אַ פּאָסט־מאַרקע — און דאָס אויך בלויז פאַר צוליב טאָן וואָלקאָוואָין. אויף דער פּלייצע טראָגט ער אפילו אַזאַ נומערל אויך נישט. ער בייגט זיך נישט פאַר קיינעם. די אַרעסטאַנטן ציטערן ממש פאַר אים. וואָס איז צו רעדן אַז טויזנטער מענטשלעכע לעבנס האַלט ער אין איין האַנט. מ׳האָט אים אַמאָל געוואָלט אָנברעכן די ביינער, זענען

אַלע קיכערס, איינער ווי איינער אויסגעפּאַשעטע, אַרויסגעשפּרונגען אים צו הילף.

עס וועט זיין זייער שלעכט אויב די 104־טע זאָל שוין זיין דורכגע־גאַנגען. כראָמאָי קאָן דעם גאַנצן לאַגער און יעדן באַזונדער פון פּנים. נאָך איצט ווען דער זאָוו. סטאָלאָוואָי שטייט דערביי וועט ער קיין איינעם נישט דורכלאָזן אין אַ פרעמדער בריגאַדע.

מער ווי איין מאָל האָט מען באַוויזן אָפּנאַרן כראָמאָי און אַריבערקריכן דורך די פּאַרענטשעס אויפן גאַנעק אַרויף. שוכאָוו האָט עס שוין אויך געטאָן, אָבער היינט ווען עס שטייט דאָ כראָמאָיס בעל הבית, דער פאַר־וואַלטער פון סטאָלאָווע, וועט די קונץ נישט דורכגיין. כראָמאָי איז גרייט אָנברעכן די ביינער אַזוי, אַז אַנשטאָט אין סטאָלאָווע זאָל מען טרעפן אין כאַנטשאַסט אַריין.

יעצט מוז ער, שוכאָוו, וואָס גיכער אָנקומען צום גאַנעק און זען צי די 104־טע איז נאָך דאָרט. אין דער פינצטער, דערצו ווען אַלע טראָגן די זעלבע שוואַרצע ברישליקן, איז עס נישט קיין גרינגע זאַך.

שלימזל ווי גייסטו? נעבן גאַנעק, אויף די טרעפּלעך, האָבן זיך געשטופּט איין בריגאַדע אויף דער צווייטער אַבי כאָטש מיט איין טרעפּל זיין נענטער צו דער טיר... באַלד דאַרף קומען דער באַפעל צו פאַרלעשן דאָס ליכט...

— שטיין־בלייבן, הינטישע זין! — שרייט כראָמאָי און הייבט אויף דעם שטעקן צו די פון פראָנט — צוריק! צוריק, אַז נישט מאַך איך פון אייך זויער־קרויט!

— וואָס זענען מיר שולדיק, אַז די פון הינטן שטופּן זיך?!

אַ ביסל אמת איז דערין פאַראַן, אָבער די פון פאָרנט שטופּן זיך אויך, זיי ווילן אויך וואָס גיכער אין סטאָלאָווע אַריין.

כראָמאָי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין בעריאָזענעם דראָנג אין דער ברייט פון ביידע הענט, און מיטן גאַנצן כוח גענומען שטופּן די מאַסע אַרעסטאַנטן אויף צוריק. זיין אונטערלעקער האָט זיך אויך אָנגעשפּאַרט אויפן דראָנג. אפילו דער פאַרוואַלטער פון סטאָלאָווע האָט זיך נישט געשעמט פּאַטשקען די הענט אין אַזאַ מיאוסער זאַך.

זיי האָבן אַ שטופּ געטאָן ווי ס׳געהער צו זיין! כוח פעלט ביי זיי נישט. וואָס, ווייניק פליישׁ פרעסן זיי? אומגעוואָרפן די פאָדערשטע רייען זענען יענע געפאַלן אויף די הינטערשטע און אַוועקגעלייגט זיי ווי סנאָפּעס.

— קאָטשעלאָפּ, סוואָלאָטש... אַ דונער אין דיינע ציין!... — שרייען געוויסע פון הינטן אָבער זיי באַהאַלטן זיך, מ׳זאָל זיי נישט זען. דער גרעסטער טייל איז געפאַלן שווייגנדיק און שווייגנדיק אויפגעהויבן זיך, און דאָס וואָס גיכער, ביז זיי זענען נישט צעטראָטן געוואָרן.

אָפּגערייניקט די טרעפּן איז דער פאַרוואַלטער פון סטאָלאָווע אַוועק אין אַ זייט. כראָמאָי, איינער אַליין, האָט זיך ווידער גענומען צו זיין מלאכה:

— אויסשטעלן זיך צו פינף! אייזל־קעפּ, וויפל דאַרף מען אייך לערנען?! ווען מ׳וועט דאַרפן וועל איך אַריינלאָזן!

צווישן די וואָס זענען געשטאַנען האַרט נעבן גאַנעק האָט שוכאָוו דערקאָנט סעניאַ קלעוושינס קאָפּ און שטאַרק זיך דערפרייט. אָבער ווי שטופּט מען זיך אַדורך, ווו נעמט מען כוח?

— זיבנאונצוואַנציקסטע! — שרייט כראָמאָי — אַדורכגיין! די 27־טע איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן גאַנעק און וואָס גיכער זיך געלאָזן צו דער טיר. אויף איר אָרט האָבן זיך צו די טרעפּלעך צוגערוקט אַנדערע. אויך שוכאָוו שטופּט זיך ווי ער קאָן נאָר. דער גאַנעק טרייסלט זיך, די לאַמטער־נעס סקריפּן.

— שוין ווידער? גבלות! — כראָמאָי איז אויסער זיך, לאָזט דעם שטעקן אין גאַנג. שלאָגט איבער די אַקסלען, איבער פּלייצעס... אַראָפּ־געשטופּט איינעם אויפן צווייטן.

דער גאַנעק איז ווידער פריי.

שוכאָוו האָט באַמערקט ווי צוזאַמען מיט כראָמאָי איז אַרויף אויפן גאַנעק פּאַוולאָ, דער געהילפס־בריגאַדיר פון דער הונדערטפערטער. ער פירט די בריגאַדע, טיורין וויל זיך דערמיט נישט פּאַטשקען.

— הונדערטפערטע אויסשטעלן זיך צו פינף — שרייט פּאַוולאָ — און איר, פריינד, רוקט זיך אָפּ!

קאָנסט וואַרטן ביז זיי וועלן זיך דיר אָפּרוקן, די „פריינד״!

— לאָז מיך אַדורך, דו, פּלייצע! איך בין פון יענער בריגאַדע — בעט זיך שוכאָוו.

ער וואָלט אפשר אַדורכגעלאָזן, נאָר מען קוועטשט אים אויך פון אַלע זייטן.

זי וויגט זיך די אַרעסטאַנטן־מאַסע, זי שטיקט זיך, און דאָס אַלץ נאָך דעם ביסל באַלאַנדאַ, נאָך דעם ביסל געזעצלעכע באַלאַנדאַ.

געזען אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה האָט שוכאָוו זיך אָנגעכאַפּט פאַר די פּאָרענטשעס פון גאַנעק און געגומען אַרויפּציִען זיך. פּאַרטשעפּעט אימיצן, האָט אים יענער דערלאַנגט אַ פּאָר שטורכאַנצעס, אַריינגעזאָגט עטלעכע מאָל אין דער מאַמען אַריין, אָבער ס׳איז ווערט געווען. ווען ער איז שוין מיט איין פוס געווען אין דער הייך האָבן אים חברה פון בריגאַדע באַמערקט און דערלאַנגט אַ האַנט.

פון נעבן טיר האָט דער פּאַרוואַלטער פון סטאָלאָווע גערופן:

— כראָמאָי, גיב אַהער נאָך צוויי בריגאַדעס!

— הונדערטפערטע! — האָט כראָמאָי איבערגעחזרט דעם באַקומענעם באַפעל — און דו אייגער? ווו קריכסטו? — און יענעם, דעם פּרעמדן, גלייך דערלאַנגט אַ לאַג מיטן שטעקן.

— הונדערטפערטע! — שרייט פּאַוולאָ און היט אָפּ ס׳זאָל דורכגיין נאָר זיין בריגאַדע.

אַ פּאַרסאָפּעטער איז שוכאָוו אַריינגעפאַלן אין סטאָלאָווע. ער האָט נישט געוואַרט ביז פּאַוולאָ וועט אים באַפעלן צונויפּנעמען די ליידיקע שיסלען נאָר אַליין, אַז אַ באַפעל, זיך גענומען צו דער דאָזיקער מלאכה.

אינעווייניק, אין עס־באַראַק, ביים טיר שלאָגט ווי שטענדיק אַ געדיכטע פּאַרע. אַרום די טישן איז ענג, איינער זיצט כמעט אויפן צווייטן, צווישן די טישן איז שווער דורכשטופּן זיך מיט די פולע שיסלען באַלאַנדאַ. פאַר שוכאָוון איז עס נישט קיין נייע זאַך, פאַר אַזויפיל יאָרן לאַגער־לעבן האָט ער אָנגענומען געניטקייט. זיין אויג איז געוואָרן שאַרף. אָט האָט ער גלייך באַמערקט ווי שטש־208 טראָגט אויף דער טאַץ נאָר פינף שיסלען, דאָס הייסט אַז דאָס זענען שוין די לעצטע פאַר זיין בריגאַדע, ווייל ווען נישט, פאַרוואָס טראָגט ער נישט קיין פולע טאַץ?

שוכאָוו האָט יענעם אָנגעיאָגט און אים איינגערוימט אויפן אויער:

— ברודערקע! — נאָך דיר, נעם איך די טאַץ...

— אָבער דאָרט, ביים פענצטערל, וואַרט שוין איינער, כ׳האָב אים צוגעזאָגט...

— וואָס הייסט ער וואַרט, זאָל ער נישט וואַרטן!

דאָס געשעפט איז געמאַכט.

יענער האָט צוגעטראָגן די טאַץ צו איינעם פון די טישן און אַראָפּגע־שטעלט פון איר די שיסלען. ווי נאָר שוכאָוו האָט באַוויזן כאַפּן פאַר איין ברעג פון דער טאַץ איז אָנגעלאָפן דער דאָזיקער וואָס האָט געוואַרט אויף איר נעבן פענצטערל און אָנגעכאַפּט פאַרן צווייטן ברעג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רייסעריי. שוכאָוו האָט יענעם אַ שטויס געטאָן (ער איז געווען דאַרער פון אים) אַזוי אַז ער איז געפאַלן אויפן סלופּ, און זיינע הענט האָבן נאָכגעלאָזט די טאַץ. גענומען זי אונטערן אָרעם איז שוכאָוו אַוועקגעלאָפן צום פענצטערל.

דאָ אין ריי איז שוין געשטאַנען פּאַוולאָ וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויף אַ טאַץ. געזען וואָס שוכאָוו האַלט אונטערן אָרעם האָט ער זיך דערפרייט:

— איוואַן דעניסיטש! — און גלייך אָפּגעשטויסן דעם שטייענדיקן פאַר אים געהילפס־בריגאַדיר פון דער 27־טער: — וואָס שטייסטו אומזיסט? איך האָב טאַצן!

נישט פון דאָ און נישט פון דאָרט האָט זיך פּלוצים באַוויזן גאָפּטשיק דער קליינער פלוט. אויך ער האָט געבראַכט אַ טאַץ.

— איך האָב זיי איבערגעכיטרעוועט — האָט ער געלאַכט אַ צופרי־דענער.

גאָפּטשיק וועט מיט דער צייט ווערן אַ לייט. נאָך אַ דריי יאָר און ער וועט זיין אַ לאַגערניק ווי ס׳געהער צו זיין — ער וועט זיכער טרעפן אין כלעבאָרעזקע!

יערמאָלאַיעוון, אַ געזונטן, פעסטן סיביריאַק (ער האָט אויך אַריינגעכאַפּט אַ צענערל דערפאַר וואָס ער איז געווען אין דייטשער געפאַנגענשאַפט) האָט פּאַוולאָ באַפוילן בעמען די צווייטע טאַץ. גאָפּטשיקן האָט ער געשיקט

אַרומקוקן זיך וועגן אַ שטיקל אָרט ביי אַ טיש. שוכאָוו האָט אין צווישנצייט אַוועקגעשטעלט זיין טאַץ ביים פענצטערל און וואַרט.

— די הונדערטפערטע! — מעלדעט זיך פּאַוולאָ אינעם פענצטערל.

פענצטערלעך אין קיך אַריין זענען פאַראַן פינף: דריי אַלגעמיינע, איינס פאַר די וואָס באַקומען עסן לויט אַ ליסטע (אַ צען מענטשן וואָס האָבן געשווירן אויפן מאָגן און אַ ביסל יהסנים, למשל די גאַנצע בוכ־האַלטעריע), און נאָך איין פענצטערל דורך וועלכן מ׳גיט צוריק אַריין די ליידיקע שיסלען. ביי יענעם פענצטערל רייסן זיך כסדר די וואָס לעקן די שיסלען. די פענצטערלעך זענען נישט הויך, אַ ביסל העכער פון די היפטן, אַזוי אַז מ׳קאָן דורך זיי נישט זען די קיכער נאָר בלויז זייערע הענט און די שעפּ־לעפל, נישט מער.

דעם קיכערס הענט זענען ווייסע, ווייכע, באַוואַקסענע מיט האָר, געזונטע ווי ביי אַ באָקסער. אָט האָט ער גענומען אַ בלייער און ערגעץ אויף דער וואַנט אָפּגעמערקט:

— הונדערטפערטע — פיר אונצוואַנציק פּאָרציעס!

אויך פּאַנטעלעיעוו איז געקומען אין סטאָלאָווע אַריין, ער איז גאָרנישט קראַנק, דער כלב.

דער קיכער האָט מיט אַ היפּשן קאָכלעפל, מסתמא אַ דריי ליטער די גרויס, גענומען מישן און מישן אינעם פולן קעסל פון וועלכן ס׳האָט געשלאָגן אַ פּאַרע. דערנאָך האָט ער געביטן דעם לעפל אויף אַ קלענערן, דריי פערטל ליטער די גרויס, און, נישט גרייכנדיק מיט אים צו טיף אין קעסל, אָנגעהויבן שעפּן די באַלאַנדאַ.

— איינס, צוויי, דריי, פיר...

שוכאָוו האָט זיך גוט צוגעקוקט וועלכע שיסלען זענען אָנגעגאָסן געוואָרן דאַן ווען דאָס געדיכטע האָט זיך נאָך נישט געהאַט געזעצט אויפן קעסל־דנאָ, און וועלכע שווין מיט שיטערע באַלאַנדאַ. ערשט, האָט ער אויסגעשטעלט אויף דער טאַץ צען שיסלען און אַוועק מיט זיי. פון דער ווייטנס, פון נעבן די צווייטע סלופּעס, האָט גאָפּטשיק צו אים געוווּנקן:

— אַהער, איוואַן דעניסיטש, אָטאָ, דאָ אַהער!

טראָגן שיסלען — דאָס איז דיר נישט מיט די אַרבל טרייסלען. שוכאָוו

שטעלט די טריט פּלייסיק אַזוי אַז די טאַץ זאָל זיך צומאָל קיין שאָקל נישט טאָן און לאָזט אין גאַנג די צונג:

— עי, דו, בע־נייהונדערטצוואַנציק!... היט זיך פּעטערל!... און דו ייִנגאַטש!

אין אַזאַ געדראַנג איז נישט פון די לייכטע זאַכן דורכטראָגן אַ שיסל און נישט פאַרגיסן, ווי ערשט צען שיסלען! דאָך האָט שוכאָוו באַוויזן די קונץ און אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויף אַ ברעג טיש, ווו גאָפּטשיק האָט געמאַכט אַ שטיקל אָרט, אַזוי אַז קיין איין טראָפּן האָט זיך נישט פאַרגאָסן. ער האָט נאָך געדענקט אויסדרייען די טאַץ אַזוי, אַז די שיסלעך מיט דער געדיכטער באַלאַנדאַ זאָלן אויסקומען אויף דער זייט ווו ער וועט זיך אַוועקזעצן.

יערמאָלייעוו האָט אויך געבראַכט צען. גאָפּטשיק איז געלאָפן אַרויס־העלפן פּאַוולאָן ברענגען די איבעריקע פיר.

דערווייל איז קילגאַס אָנגעקומען מיט אַ טאַץ ברויט. היינט באַקומט יעדער אַזאַ פּאָרציע וועלכע ער האָט פאַרדינט, — ווער צוויי הונדערט גראַם, ווער דריי הונדערט. שוכאָוו האָט באַקומען פיר הונדערט. זיינע פיר הונדערט האָט ער גענומען מיט אַ רעפטל און די צוויי הונדערט פאַר צעזאַרן אין אַ מיטל־שטיקל.

איצט איז געקומען אַהער, צום שטיקל פרייען טיש, די צעשאָטענע איבער אַלע עקן סטאָלאָווע, הונדערט פערטע בריגאַדע. יעדער האָט זיך גענומען זיין ביסעלע געקעכטס און זיך צוגעזעצט ווי ס׳האָט זיך געלאָזט. שוכאָוו טיילט די שיסלען, פאַרגעסט וועמען ער האָט שוין געגעבן און וועמען נישט, ער קוקט אַלץ אין דעם אָרט ווו עס שטייען זיינע צוויי שיסלען. אין איינער פון זיי, די מיט געדיכטער באַלאַנדאַ, האָט ער אַריינגעשטעקט אַ לעפל, דאָס הייסט פאַרנומען. פעטיוקאָוו האָט באַקומען זיין שיסל און אַוועק מיט איר אין אַן אַנדער אָרט .ער פאַרשטייט שוין, דער שאַקאַל, אַז אין זיין בריגאַדע וועט זיך שוין גאָרנישט לאָזן אויפטאָן. בעסער זוכן ערגעץ אַנדערש. אפשר וועט אימיץ נישט דערעסן אַ פּאָרציע (ווען אימיץ דערעסט נישט און רוקט אָפּ אין אַ זייט דאָס שיסעלע וואַרפן זיך גלייך דערויף עטלעכע, אַזוי ווי די שפּאַרבער.)

שוכאָוו און פּאַוולאָ האָבן איבערגעציילט די פּאָרציעס, אַלץ שטימט. איין שיסעלע מיט געדיכטע, פּאַר טיוריגען, האָט שוכאָוו צוגערוקט נענטער צו פּאַוולאָן. יענער האָט עס איבערגעגאָסן אין אַ שמאָל דייטש מיליטעריש קעסעלע אַריין וועלכעס ס'איז גרינגער צו באַהאַלטן ביים אַרויסטראָגן.

אָפּגעגעבן די טאַצן האָט זיך פּאַוולאָ גענומען צו זיין דאָפּלטער פּאָרציע און שוכאָוו צו זיינע צוויי. מער האָבן זיי נישט געהאַט וועגן וואָס צו ריידן, יעצט איז אָנגעקומען די הייליקסטע צייט...

שוכאָוו האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און אַוועקגעלייגט אים אויף די קניען. מיט דעם לעפל אַ דריי געטאָן אין איין שיסעלע, דערנאָך אין דער צווייטער. נישקשה, אפילו שטיקלעך פיש זענען אַריינגעפאַלן. בכלל איז אין אָוונט די באַלאַנדאַ שיטערער ווי אין דער פרי: אין דער פרי מוז מען דעם אַרעסטאַנט אָנקאָרמען אַז ער זאָל קאָנען אַרבעטן, אויף דער נאַכט וועט ער סיי ווי איינשלאָפן.

צוערשט אָפּגעטרונקען דאָס שיטערע פון דער באַלאַנדאַ און דערנאָך, ווען די וואַרעמקייט פון איר האָט זיך מחיהדיק צעגאָסן איבערן קערפּער, האָט שוכאָוו מיט אַ ציטער אין דער נשמה געקוקט אויף דער איבער־געבליבענער אויפן דנאָ געדיכטער... אָטאָ איז זי די קורצע ווײַלע צוליב וועלכע דער אַרעסטאַנט לעבט!

יעצט האָט ער צו קיינעם קיין שום טענות נישט: ער באַקלאָגט זיך נישט וואָס די יאָרן פון אורטייל ציען זיך, וואָס די טעג זענען לאַנגע, וואָס ווידער וועט פאַרפאַלן ווערן אַ זונטיק. ער איז האָפערדיק! מ'וועט דורכלעבן, מ'וועט איבערלעבן און מיט גאָטס הילף וועט צו דעם אַלעם קומען אַ סוף!

אָפּגעטרונקען צו ביסלעך די שיטערע פון ערשטן שיסעלע, פון צווייטן, האָט ער די געדיכטע צוזאַמענגעגאָסן אין איינער און דעם דנאָ פון דער ליידיקער גוט אויסגעקראַצט מיטן לעפל. יעצט קאָן ער שוין עסן רויִק, ער דאַרף שוין נישט האָבן אויפן אויג דאָס צווייטע שיסעלע, נישט צוהאַלטן עס מיט דער האַנט.

ווען די אויגן האָבן זיך באַפרייט פון היטן די צווייטע פּאָרציע קאָן ער כאַפּן אַ בליק אין שכנישע שיסלען. דער שכן פון לינקס האָט באַקומען

הוילע וואַסער! אָט וואָס זיי טוען אָפּ, די האַדיוקעס, און דאָס זענען דאָך אייגענע, אויך אַרעסטאַנטן.

ער האָט פּאַוואָליע געקייט די שטיקלעך קרויט און פאַרזופּט מיט דעם לעצטן ביסל שיטערן. בלויז איין איינציקע קאַרטאָפל איז אים אַריינגעפאַלן און דווקא אין צעזאַרס שיסעלע! אַ מיטל קאַרטאָפּעלע נישט צו גרויס און נישט קליין, אַ געפרווירענע פאַרשטייט זיך, אַ האַרטלעכע אין איין אָרט און אַ זיסע. אויף אַ שטיקל פיש טרעפט מען זעלטן, גיכער אויף אַ גרעט. דאָס איז אַלץ. יעדעס שטיקל גרעט דאַרף מען גוט צעקייען און אויסזאָגן ווייל דער זאַפט דערפון איז זייער נוצלעך. פאַרשטייט זיך אַז צו דעם דאַרף מען האָבן צייט. ער האָט זיך טאַקע נישט וואָס צו איילן, דער טאָג איז געווען אַ מזלדיקער: צוויי פּאָרציעס אויף מיטאָג. צוויי אויף קאַלאַציע, צוליב אַזאַ געשעעניש איז אַלץ אַנדערע אַ גאָרנישט.

אפשר זאָל ער טאַקע היינט אָוונט צוגיין צום לעט נאָך דעם ביסל מאַכאָרקע ביז אין דער פרי קאָן אַמאָל נישט סטייען.

די באַלאַנדע האָט ער געגעסן אָן ברויט: צוויי פּאָרציעס און נאָך מיט ברויט? דאָס וועט שוין זיין צו פעט. דער בויך געדענקט נישט, ער פאַרגעסט פון היינט אויף מאָרגן, יעדן טאָג פאַרלאַנגט ער אויף סניי — אין אַ קישקע קאָן מען קיין פאַלבאַנע נישט מאַכן.

שוכאָוו איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט דער באַלאַנדאַ אַז ס'האָט אים גאָר נישט געאַרט וואָס אַרום קומט פאָר, ער האָט נישט געקוקט אין קיין פרעמדע טעלער און מיט הנאה געגעסן זיינס. און דאָך האָט ער באַמערקט ווי נעבן אַ טישל קעגנאיבער האָט זיך אַוועקגעזעצט יו־81, דער היכער זקן, דער פון דער 64־טער בריגאַדע, וועלכע האָט היינט געאַרבעט אין סאָצגאָראָדאָק אַנשטאָט זייער 104־טער. אַ גאַנצן טאָג זענען זיי געווען אין פוסטן פעלד אויפן פראָסט, געשטעלט אַ פּלויט פון שטעכל־דראָט, אַליין פאַר זיך...

וועגן דאָזיקן זקן איז שוכאָוון שוין אויסגעקומען הערן. מען האָט דערציילט אַז ער ווערט געשיקט פון איין לאַגער אין צווייטן, פון איין טורמע אין אַן אַנדערער. קיין שום אַמנעסטיע האָט אים נישט אַרומגענומען, געענדיקט איין צענערל האָט מען אים דערלייגט אַ צווייטס.

ביז איצט האָט שוכאָוו וועגן אים נאָר געהערט אָבער דאָ זעט ער אים פון דער נאָענט.

צווישן אַלע איינגעבויגענע פּלייצעס אין לאַגער טיילט זיך די פּלייצע פון דאָזיקן זקן אויס מיט איר גלייכקייט. ווען ער זיצטביים טיש, איז ער אויך העכער פון אַלע. אויף זיין גאָלן קאָפּ איז שוין לאַנג נישטאָ וואָס צו שערן — דאָס איז אויך פון גוטן לאַגער־לעבן. די אויגן זיינע לויפן נישט איבער דער סטאָלאָווע, ער קוקט שטאַרק אין איין אָרט, הויך איבער שוכאָווס קאָפּ. די וואָסערדיקע באַלאַנדאַ נעמט ער אָן אין הילצערנעם, אויסגעשטשערבעטן לעפל פּאַמעלעך און רעגלמעסיק. ער בייגט זיך נישט ווי אַנדערע איבער דער שיסל, נאָר טראָגט אונטער דעם לעפל, הויך צום מויל. ער האָט נישט קיין איין צאָן, דאָס ברויט קייט ער מיט האַרט געוואָרענע דיאָסנעס. דאָס אָפּגעצערטע פּנים זיינס דערמאָנט אָבער נישט קיין צאַנקנדיקע קנויט, עס איז גיכער ענלעך צו אַ שוואַרצן געטעסעטן שטיין. פון די גרויסע צעטרעסקעטע דלאָניעס קאָן מען זען אַז ער געהערט נישט צו די וואָס האָבן זיך דורכגעדרייט אין לאַגער אָן אַרבעט. ער איז פול מיט אַנטשלאָסנקייט נישט אונטערצוגעבן זיך: די דריי הונדערט גראַם ברויט לייגט ער נישט ווי אַנדערע אויף דעם פאַרכליאַפּעטן טיש, שטענדיק שפּרייט ער אונטער אַ ריין אויסגעוואַשן שמאַטקעלע.

שוכאָוו האָט נישט מער קיין צייט אויף צוקוקן זיך. געענדיקט עסן האָט ער אַרומגעלעקט דעם לעפל און אַריינגערוקט אים אין כאַליאָווע פון וואַילעק, אָנגעצויגן דעם הוט אויפן קאָפּ, אָפּגענומען דעם פּאַיאָק ברויט פאַר זיך און פאַר צעזאַרן איז ער אַרויס אין דרויסן.

דער אַרויסגאַנג פון עס־באַראַק איז דורך אַן אַנדערן גאַנעק. עס שטייען דאָ צוויי דעזשורנעס. זייער אַרבעט באַשטייט אין אויפריגלעווען די טיר, אַרויסלאָזן די וואָס האָבן שוין אָפּגעגעסן און צוריק פאַרריגלעווען זי.

שוכאָוו איז אַרויס מיט אַן אָנגעשטאָפּטן בויך, אַ צופרידענער. ווען ס׳זאָל אַפילו באַלד קומען דער באַפעל צו פאַרלעשן דאָס ליכט וועט ער סיי ווי צולויפן צום לעט! און, נישט פאַרטראָגן צומאָל דעם פּאַיאָק

ברויט צו זיך, אין נײַנטן אַרײַן, איז ער מיט ברייטע טריט אַוועק צום זיבעטן באַראַק.

הויך אין הימל איז געשטאַנען די לבנה, ווי אַן אויסגעהאַמערטע, אַ ריינע און אַ ווײַסע. דער הימל איז אויך אַ ריינער. ווו נישט ווו פינקלען שטערן. שוכאָוו האָט אָבער נישט קיין צייט צו קוקן אויפן הימל. ער האָט דערפון בלויז אַרויסגעצויגן די מסקנה אַז דער פראָסט לאָזט נישט נאָך. עס האָט אימיצער היינט געהערט פון די פרייע אַז אָוונט־צייט וועט דער פראָסט דערגיין ביז דרייסיק גראַד און אין דער פרי ביז פערציק.

פון פאָסיאָלעק איז דערגאַנגען דער געוויש פון אַ טראַקטאָר, פון דער שאָסיי־זייט דאָס קרעכצן פון אַן עסקאַוואַטאָר. יעדע פּאָר וואַליקעס וואָס זענען דורכגעגאַנגען, אָדער דורכגעלאָפן, איבערן לאַגער האָבן געלאָזט הערן אַ סקריפּען.

עס איז נישט געווען קיין מינדעסט ווינטל.

די מאַכאָרקע האָט ער געזאָלט קויפן אויפן זעלבן פרייז ווי פריער — אַ רובל אַ גלאָז, כאָטש אויף דער פרייַ דאַרף אַזאַ גלאָז מאַכאָרקע קאָסטן דריי רובל, אויב נישט מער. אין קאַטאָרזשנעם לאַגער זענען די פרייזן מיט גאָרנישט עגלעך צו די אויף דער פריי. דאָס איז קודם כל דערפאַר ווייל געלט איז דאָ זייער טייער, מען טאָר עס נישט האָבן און זעלטן ווער עס האָט עס.

פאַר אַרבעט צאָלט מען דאָ אין לאַגער אַפילו קיין קאָפּיקע נישט (אין אוסט־איזשמע האָט שוכאָוו כאָטש די דרייסיק רובל אַ חודש באַקומען). אויב קרובים האָבן פּאַר אימיצן געשיקט אַ פּאָר רובל דורך פּאָסט האָט מען נישט אַרויסגעגעבן נאָר אַוועקגעלייגט אויף זיין פערזענלעכער קאָנטע. פאַר דעם דאָזיקן געלט האָט מען איינמאָל אין חודש, אין לאַגערנעם קלייטל, געקאָנט קויפן אַ שטיקל טואַלעט־זייף, אַ פּאָר פאַרשימלטע קאָרזשיקעס, אָדער פּאַפּיראָסן „פּרימאַ". צי די סחורה געפעלט אָדער נישט, קויף פאַר וויפל האָסט אָנגעשריבן אין דער ביטע צום לאַגער־נאַטשאַלניק. וועסט נישט נעמען וועט דיין געלט אַזוי ווי פאַרפאַלן ווערן, זי איז שוין אַראָפּגעשריבן פון דיין קאָנטע.

אויב שוכאָוו איז געקומען צו אַ פּאָר רובל איז עס נאָר פון דעם

וואָס ער האָט פאַרדינט ביי חברים לאַגערניקעס: דעם אויפגעבייט אַ פּאָר לאַפּטשעס — צוויי רובל, יענעם פאַרלאַטעט אַ פופייקע...

דער זיבעטער באַראַק איז נישט אַזאַ ווי דער ביינטער, דורכגעטיילט אויף צוויי גרויסע העלפטן, אין אים איז פאַראַן אַ לאַנגער קאָרידאָר מיט צען טירן צו צען צימערן. אין יעדן צימער זיבן וואַגאָנקעס — פאַר איין בריגאַדע. פאַראַן נאָך צוויי קעמערלעך: איינס ווו עס שטייען די פּאַראַשעס. אין צווייטן וווינט דער באַראַק־עלטסטער און אַ דריטס פאַר די מאָלער.

שוכאָוו איז אַריין אין צימער צו זיין באַקאַנטן לעט. יענער איז געלעגן אויף די אונטערשטע נאַרעס, די פיס פאַרלייגט הויך און געבאַלאַבאָטשעט עפּעס אויף לעטיש מיט זיין שכן.

ער האָט זיך צוגעזעצט און אָפּגעשטעקט אַ שטילן שלום עליכם. דער לעט האָט מער ווייניקער אַזוי אייגן אָפּגעענטפערט, נישט אַראָפּלאָזנדיק דערביי די פיס פון נאַרע. דער צימער איז אַ קליינער, גלייך הערט מען זיך צו ווער ס׳איז געקומען, סיי שוכאָוו און סיי דער לעט פאַרשטייען דאָס אויסגעצייכנט און ריידן דערווייל וועגן הוידעם בוידעם, וועגן פראָסט, וכדומה.

דערוואַרט זיך וועגן אין בריגאַדע האָט מען צוריק אָנגעהויבן שמועסן (וועגן מלחמה אין קאָרייע, וועגן דעם אַז די כינעזער זענען אַריין אין קאַמף און אַז עס קאָן דערפון אַרויס אַ נייע וועלט־מלחמה) האָט שוכאָוו זיך צוגעבויגן נעענטער צום לעט:

— האָסט מאַכאָרקע?

— פאַראַן.

— ווייז!

דער לעט איז אַ שרעקלעכער סקנער. ווען ער שיט אָן אַ גלאָז מאַכאָרקע טרייסלען זיך ביי אים די הענט, ס׳זאָל חלילה אַ קרוטקע מער נישט זיין.

ער האָט אויפגעבונדן דאָס טאַבאַק־בייטעלע און געוויזן די סחורה.

שוכאָוו האָט גענומען אַ ביסל טוטין צווישן די פינגער: יאָ, דער זעלבער ווי פריער, פונקט אַזאַ ברוינער און מסתמא אַזאַ שטאַרקער;

אונטערגעטראָגן אים אונטער דער נאָז, אַ שמעק־געטאָן — דער זעלבער. דעם לעט האָט ער אָבער געזאָגט עפּעס אַנדערש:

— דאַכט זיך אַז ס'איז נישט דאָס.

— דער זעלבער! פּונקט דער זעלבער! — האָט זיך דער לעט צעבייזערט — איך האָב שטענדיק דעם זעלבן סאָרט, שטענדיק איין סאָרט.

— נו, גוט — האָט שוכאָוו מסכּים געווען — לייג אָן אַ גלעזל, כ'וועל פּאַררויכערן, איז אפשר וועל איך נעמען נאָך אַ גלאָז.

ער האָט בכיוון געזאָגט לייג אָן אַ גלעזל, ווייל יענער האָט אַ טבע אָנצושיטן גרינגעבקע.

דער לעט האָט אַרויסגעצויגן פון אונטערן קישן נאָך אַ טאַבאַק־בייטעלע, אַ גרעבערס ווי דאָס ערשטע, אַרויסגענומען פון שענקעלע דאָס גלאָז מיט וועלכן ער מעסט מאַכאָרקע (כאָטש עס איז פון פּלאַסטיק האָט עס אָבער די געהעריקע מאָס, שוכאָוו האָט שוין אויסגעפּרוווט מיט אַ ריכטיק גלאָז) און גענומען אָנשיטן דערין.

— נו, זע, שטופּ אַ ביסל אָן! — שוכאָוו האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַליין אונטערגערוקט די פינגער צום גלאָז.

— איך אַליין ווייס! — האָט זיך דער לעט צעבייזערט און אָפּרוקנדיק ווייטער פון שוכאָוון דאָס גלאָז, גענומען אָנשטאָפּן דערין (אָבער נישט צו שטאַרק) די מאַכאָרקע.

שוכאָוו האָט דערווייל אויפגעשפּיליעט די פופייקע און אָנגעהויבן זוכן צווישן דער וואַטע אַ באַהאַלטן דאָרט פּאַפּירל. אָנגעטאַפּט דאָס פּאַפּירל האָט ער עס מיט די פינגער גענומען איבעררוקן צו דעם אָרט אין פופייקע ווו ס'איז געווען אַ קוים באַמערקבאַר לעכל פאַרצויגן מיט אַ פאָדעם. ווען דאָס פּאַפּירל איז שוין געווען צוגערוקט צום לעכל האָט ער צעריסן דעם פאָדעם און עס אַרויסגעצויגן פון דאָרט. צוויי רובל. אַלטענקע, אַזעלכע, וואָס האָבן שוין פאַרלוירן דעם מהות פון פּאַפּיר.

אין צימער איז דער שמועס דערווייל געוואָרן העפטיקער:

— וואָרט, ביז ער וועט אויף אייך רחמנות האָבן דער באַטיושקע מיט די וואָנצעס! ער וועט אַ לייבלעכן ברודער נישט גלויבן ווי ערשט אייך, לאַפּיטוטן!

אין קאַטאָרזשנעם לאַגער איז מיט דעם גוט וואָס פרייהייט איז דאָ אַ פולער בויך. אין אוסט־איזשמע איז געגנוג געווען אַז דו האָסט נאָר שעפּטשענדיק אויסגערעדט אַ זאַך, וואָס איז אויף דער פריי פאַרבאָטן, למשל, אַז מ׳קאָן קיין שוועבעלעך נישט קויפן, האָט מען דיר גלייך דערלאַנגט נאָך אַ צענערל, און זיץ! דאָ קאָנסטו דיר פון די אויבערשטע נאַרעס שרייען וואָס דו ווילסט און גאָרנישט. אַפילו די סליחהנער וועלן נישט צוטראָגן, די פּאָליטאָפיצירן האָבן דערויף אויך שוין אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

די זאַך איז אָבער דערין וואָס דאָ איז נישטאָ ווען צו ריידן...

— עי, דו, שיטסט דאָך צו לויז — האָט שוכאָוו באַמערקט.

— נאָ, אָט האָסטו נאָך! — האָט יענער צוגעשאָטן אַ ביסל.

שוכאָוו האָט אַרויסגעצויגן פון דער באַהאַלטענער בוזעם־קעשענע זיין טאַבאַק־בייטעלע און איבערגעשאָטן דערין די מאַכאָרקע פון גלאָז.

— זאָל שוין זיין, — האָט ער באַשלאָסן נישט צו פּרוּוון, אַ שאָד פּטרן אָן ערשט ציגאַרעטל — לייג אָן נאָך אַ גלאָז.

איבערגעשאָטן אויך דאָס צווייטע, אָוועקגעגעבן די צוויי רובל, אַ ווונק געגעבן צום לעט, איז ער אַרויס אין דרויסן.

איינגעהאַנדלט דעם טוטין איז ער גלייך אַוועקגעלאָפן צו זיך אין בריגאַדע — ער טאָר נישט דורכלאָזן דעם מאָמענט ווען צעזאַר וועט קומען מיט דער פּאַסילקע.

צעזאַר איז אָבער שוין געזעסן ביי זיך אויף דער אונטערשטער נאַרע און אַריינגעטראַכט אין ענין־פּאָסילקע. פון דעם פּעקל איז אַלץ געווען אַרויסגענומען, צעלייגט איבערן געלעגער און איבער די שענקעלעך דערנעבן. אַרום איז געווען טונקל: דער שיין פון לאָמפּ, פאַרשטעלט דורכן זייטן־ברעט פון שוכאָווס נאַרע, האָט אַהער נישט דערגרייכט.

אַן איינגעבויגענער, מיט דער פּייקע ברויט אין האַנט, איז שוכאָוו אַריינגעטרעטן צווישן צעזאַרס און בוינאָווסקיס נאַרעס:

— אָט, איז אייער ברויט, צעזאַר מאַרקאָוויטש.

ער האָט נישט געוואָלט פרעגן: „איר האָט באַקומען?” דאָס וואָלט געווען צופיל אָנצוהערעניש דערויף אַז ער האָט פריער פאַרנומען אַן

אָרט אין אָטשערעד און עס קומט אים עפּעס דערפֿאַר. ניין, שוכאָוו איז נישט קיין שאַקאַל, אַפּילו אַכט יאָר לאַגער־לעבן האָבן נישט באַוויזן עס מאַכן פֿון אים. וואָס ווייטער, אַלץ מער איבערצייגט איז ער נישט צו ווערן אַזאַ.

וואָס ער קאָן נישט, איז הערשן איבער די אייגענע אויגן: זיי, די שפּאַרבער־אויגן פֿון אַ לאַגערניק, לויפֿן מיט דער גיכקייט פֿון אַ בליץ און גליטשן זיך איבער דעם אַלעם וואָס איז אָנגעוואָרפֿן אויף צעזאַרס געלעגער, איבער די שענקעלעך... כאָטש די פּאַפּירלעך זענען נאָך נישט אויפֿגעוויקלט, די זעקעלעך נישט פֿאַנאַנדערגעבונדן האָט ער דאָך אויס־געשנאַפּט מיט זיין שאַרפֿן בליק און דערפֿאַרעגעם חוש־הריח אַז צעזאַר האָט באַקומען וווּרשט, קאָנדענסירטע מילך, פֿעטע גערויכערטע פֿיש, סאַלע, סוכאַרעס, קיכעלעך, אַ צוויי קילאָ האַרטן צוקער, פּוטער, ציגאַרעטן, לולקע־טוטין און נאָך און נאָך.

אַן אויפֿגערודערטער, ממש אַ פֿאַרשיכורטער (יעדער וואָס באַקומט אַ שפּייז־פּעקל ווערט אַזאַ), האָט צעזאַר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— דאָס ברויט, איוואַן דעניסיטש, נעם פֿאַר זיך.

אַ פּאָרציע באַלאַנדאַ און דערצו צוויי הונדערט גראַם ברויט, דאָס איז שוין אַ פֿולע מאָלצייט און מסתמא אויך דער גאַנצער שכר פֿאַר זיין אויסשטיין די אָטשערעד.

שוכאָוו האָט עס פֿאַרשטאַנען און אָפּגעקערט די אויגן פֿונעם גוטס וואָס איז געלעגן נעבן צעזאַרן. נישטאָ קיין ערגערע זאַך ווי באַכגעבן דעם אייגענעם בויך.

אָט האָט ער זיינע פֿיר הונדערט גראַם ברויט, צעזאַרס צוויי הונדערט און דערצו די פֿאַרבייטע אין מאַטראַץ צוויי הונדערט. וואָס קאָן זיין בעסער! מיט צוויי הונדערט וועט ער יעצט פֿאַרבייסן, פֿיר הונדערט וועט ער מיטנעמען צו דער אַרבעט און — חי געלעבט! יענע אין מאַטראַץ וועט ער נישט רירן, זאָלן זיי דערווייל בלייבן. גוט וואָס ער האָט זיי פֿאַרנייט אין מאַטראַץ; אָט האָט מען ביי איינעם פֿון דער 75־טער אונטער־געפּידלט די פּייקע — גיי זוך יושר!

פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן אַז אַזאַ וואָס באַקומט פּעקלעך איז אַ

חזריוק און עס איז אַ מצווה פון אַזעלכן די הויט שינדן. אַז מ׳זאָל זיך בעסער צוקוקן זעט עס גאַנץ אַנדערש אויס. מער ווי איין מאָל זוכט אַזאַ צו באַדינען ווער מען, און דאָס אויך פאַר אַ פּאָרציע קאַשע, פאַר אַ ציגאַרעטל. און אַז ער באַקומט שוין אַ פּעקל, איז עס דען בלויז פאַר אים אַליין? ער מוז געבן דעם אויפזעער, דעם בריגאַדיר און ווי נישט דעם ממונה איבער די פּעקלעך? ווען ער זאָל נישט געבן וועט מען אים אַ צווייט מאָל אַזוי פאַררוקן דאָס פּעקל אַז אַ וואָך צייט וועט מען עס נישט טרעפן אויף דער ליסטע. איצט, דעם מאַגאַזינער וווהין צעזאַר וועט מאָרגן אין דער פרי אַוועקטראָגן באַהאַלטן דאָס פּעקל? (אַזאַ איז די פאַראָרדענונג פון לאַגער־נאַטשאַלניק כדי אויסמיידן גנבות), ווען מ׳זאָל אים נישט געבן ווי ס׳געהער אין יד אַריין וועט ער מער אויפפרעסן שטיקלעכווייז: אַ גאַנצן טאָג זיצט ער דאָרט, דער שטשור, אַ פאַרשלאָסענער מיט פרעמדע פּראָדוקטן, גיי קאָנטראָליר אים! און איצט באַצאָלן פאַר אַ גאַנג, למשל ווי שוכאָוון היינט? און דעם בעדער, ער זאָל אונטערוואַרפן אַ בעסער פּאָרל וועש — זאָל זיין אַז נישט קיין סך אָבער עפּעס געבן דאַרף מען? און דעם פאַבריקמאַכער ער זאָל דיך גאָלן מיט אַ פּאַפּירל (דאָס הייסט ער זאָל אָפּווישן די בריטווע אין אַ פּאַפּירל אַנשטאָט אין דיין נאַקעטער קני) — דאַרף מען געבן מאַכאָרקע אויף עטלעכע קרוטקעס? און דער ק.וו.טש., מ׳זאָל דיר דאָרט דיינע בריוו נישט פאַרוואַרפן? און אויב דו ווילסט אַ מאָל אַ טאָג בלייבן אין זאָנע, נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, דאַרף מען געדענקען אין דאָקטאָר, נישט אמת? און דעם שכן מיט וועלכן מ׳האָט בשותפות איין שענקעלע, אַזוי ווי צעזאַר מיט דעם געוועזענעם קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג בוינאָווסקי — ווי אַזוי נישט געבן? ער ציילט דאָך יעדן ביסן דיינעם, אַפילו אַ כבל־שבכלבים וועט נישט אויסהאַלטן און וועט געבן.

זאָלן מקנא זיין די וואָס זעען שטענדיק אַז אויף יענער זייט פלויט, ביים שכן, איז דאָס גראָז גרינער ווי אין אייגענעם גאָרטן, שוכאָוו פאַרשטייט אָבער אַז מ׳טאָר נישט פאַרלאַנגען דאָס וואָס מ׳קאָן נישט דערלאַנגען.

אַראָפּגעצויגן די וואָליקעס און די אָנוצעס איז שוכאָוו אַרויפגעקראָכן אויף זיין נאַרע. אַרויסגענומען פון דער העמטשקע דאָס באַהאַלטנע דאָרט

שטיקל שטאָל האָט ער עס באַטראַכט פון אַלע זייטן און באַשלאָסן פון מאָרגן פרי זוכן אַ גוט שאַרפשטיינדל מ׳זאָל קאָנען דערין אויסשלייפן דאָס שטאָל און מאַכן אַ שוסטער־מעסער. עס וועט פאַרנעמען אַ טאָג פיר, אַ ביסל אין דער פרי און אויף דער נאַכט, אָבער עס וועט אַרויס דערפון אַ מעסערל ווי ס׳געהער צו זיין!

דאָס שטיקל שטאָל טאָר מען אָבער נישט לאָזן ליגן, מען מוז עס גלייך באַהאַלטן. בוינאָווסקי איז נאָך נישטאָ אויף זיין נאַרע, קאָן מען דערוויייל אָן מורא, אַז עס וועט זיך שיטן מיסט אויף זיין קאָפּ, איבער־דרייען דעם אָנגעשטאָפּטן מיט טראָטשינעס און הובל־שפּענער מאַטראַץ און אונטער אים פאַרשטעקן דאָס שטיקל שטאָל.

עס האָבן אָבער באַמערקט די שכנים פון די אויבערשטע נאָרעס: אַליאָשקע, דער באַפּטיסט, און ביידע עסטאָניער פון דער נאַרע אַקעגנ־איבער. פאַר זיי האָט אָבער שוכאָוו נישט וואָס מורא צו האָבן.

פעטיוקאָוו איז אַריינגעקומען אַן איינגעבויגענער, מיט בלוט אויף די ליפּן און געהעשעט. ער האָט מסתמא פאַר לעקן די שיסלען ווידער געכאַפּט קלעפּ. נישט קוקנדיק אויף קיינעם און נישט באַהאַלטן די טרערן איז ער גלייך אַרויפגעקראָכן אויף זיין געלעגער און איינגענורעט דאָס פּנים אינעם מאַטראַץ.

עס איז אַ רחמנות אויף אים. ער וועט זיכער דעם לאַגער נישט איבערלעבן. ער קאָן זיך נישט האַלטן ווי געהעריק.

אַ פריילעכער, מיט אַ קעסעלע גוט פאַרבריטן טיי אין האַנט, איז אַריינ־געקומען בוינאָווסקי. אין באַראַק שטייען צוויי פעסער טיי, אָבער וואָסער טיי איז עס? וואַרעם צוגעפאַרבט וואַסער מיט אַ טעם פון הלשות. עס שטינקט מיט פאַס און מיט שימל. דאָס איז טיי פאַרן פּראָסטן עולם אָבער נישט פאַר אַ געוועזענעם קאַפּיטאַן פון צווייטן ראַנג. באַקומען פון צעזאַרן אַ קאָפּעטשקע אמתן טיי האָט ער עס גיך אַריינגעוואָרפן אין קעסעלע און געלאָפן נאָך קיפּיאַטאָק.

אַ גליקלעכער פונעם קעסעלע טיי, ווייסט ער נישט ווי אַזוי אויסצודריקן די פרייד:

— כ'האָב שיער די פינגער נישט אָפּגעבריט ביים קראַן מיט קיפּיאַטאָק — באַרימט ער זיך.

אונטן, אויפן געלעגער, האָט צעזאַר צעשפּרייט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר און אַריינגעלייגט אין אים דאָס און יענץ. שוכאָוו פאַרשטעלט די אויגן: בעסער נישט זען און נישט האָבן קיין פאַרדרוס. נאָר עפּעס קאָן זיך צעזאַר נישט קיין עצה געבן אַליין. ער שטעלט זיך אויף און ווינקט צו שוכאָוון:

— דעניסיטש!... האָסט דאָרט... די צען מעת לעת?

די „צען מעת לעת" דאָס מיינט אַ קליין איינבלייג־מעסערל. שוכאָוו האָט אַזאַ קנייפּל. ער האַלט עס פאַרשטעקט צווישן די ברעטער פון פּריטשע. אַ שניאַטשקעלע די גרייס אָבער שאַרף ווי אַ חלף, מ'קאָן דערמיט שניידן סאַלע פינף פינגער די גרעב. שוכאָוו האָט עס אַליין אויסגעמייסטרעוועט, אויסגעשליפט ביז עס איז געוואָרן אַזאַ מזיק.

נישט געלאָזט זיך לאַנג בעטן האָט שוכאָוו דערלאַנגט צעזאַרן דאָס קנייפּל. צעזאַר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך צוריק גענומען עסק'ן מיטן פּעקל.

אַזאַ מעסערל איז אויך אַ שטיקל פּרנסה, אָבער אַז מען געפינט ביי דיר אַזאַ כלי כאַפּסט דו אַריין צען מעת לעת קאַרצער.

נאָר אַ רשע, אַ מענטש אָן געוויסן, קאָן זיך טראַכטן: דו גיב אונדז דאָס מעסערל, מיר וועלן דערמיט שניידן קאָלבאַס, און דיר אַ קדחת.

דורך דעם מעסערל איז צעזאַר ווידער געוואָרן שוכאָווס בעל־חוב.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן ברויט, מיט די מעסערס, האָט שוכאָוו אַרויס־געצויגן דאָס טאַבאַק־בייטעלע אָנגענומען אַביסל מאַכאָרקע צווישן די פינגער, גענוי וויפל ער האָט זיך געהאַט געבאָרגט, און אַריבערדערלאַנגט עס דעם עסטאָניער: נאַ, אָט האָסטו צוריק, אַ דאַנק דיר.

דער עסטאָניער איז זיך צעגאַנגען אין אַ שמייכל. אָנגעקוקט דעם צווייטן, דעם שכן זיינעם וואָס מ'האָט אים געהאַלטן פאַר זיינס אַ ברודער, האָט ער אַ מורמל געטאָן עפּעס צו אים און גענומען פאַרדרייען אַ קרוטקע, פּרוּוון וואָס פאַראַ טאַבאַק שוכאָוו קאָן דאָס האָבן.

נישט ערגער פון אייערן, פאַרזוכט, פאַרזוכט געזונטערהייט! שוכאָוו אַליין וואָלט אויך פאַררויכערט, נאָר ער פילט (כאָטש ער האָט נישט קיין

זייגער) אַז צום אוונט־אַפּעל זענען נאָר געבליבן געציילטע מינוטן. יעצט איז פּונקט די צייט ווען די אויפזעער האָבן ליב אַרומנישטערן איבער די באַראַקן עפּעס אויסטאַפּן, אויסשנאַפּן. יעצט אויב מ׳וויל רויכערן מוז מען אַרויסגיין אין קאָרידאָר. שוכאָוון איז אָבער אין דער הייך, אויף זיין געלעגער, וואַרעמער ווי אין קאָרידאָר. אַזוי דאַכט זיך אים כאָטש אין דער אמתן איז דאָ פּונקט אַזוי קאַלט ווי אין קאָרידאָר. ביינאַכט כאַפּט מען דאָ אַ גוטן ציטער.

אַנשטאָט פאַררויכערן האָט ער זיך גענומען צו זיינע צווייהונדערט גראַם ברויט, אָפּגעבראָכן דערפון צו שטיקלעך. אויף די אונטערשטע נארעס האָט מען דערווייל געטרונקען טיי, דער קאַפּיטאַן מיט צעזאַרן האָבן געמיטלעך געשמועסט.

— עסט, עסט, קאַפּיטאַן, שעמט זיך נישט! נעמט אַ שטיקל גערויכערטע פיש, אַ שטיקל קאָלבאַס.

— אַ דאַנק, איך נעם טאַקע.

— דעם שטריצל שמירט מיט פּוטער, דאָס איז אַן אמתער מאָסקווער שטריצל!

— איי־איי־איי, עס גלויבט זיך נישט אַז ערגעץ באַקט מען נאָך שטריצלען! איר ווייסט, דאָס דערמאָנט מיר אין אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע. איינמאָל בין איך אָנגעקומען קיין אַרכאַנגעלסק...

צווייהונדערט מיילער האָבן געפילדערט אין באַראַק און דאָך האָט שוכאָוו דערהערט דאָס קלינגען פון רעלס. קיינער אַחוץ אים האָט דאַכט זיך נישט געהערט. ער האָט אויך באַמערקט דאָס אַריינקומען פון אויפזעער קורנאָסענקי — אַ יונגער, מיט רויטע בעקלעך. ער האָט געהאַלטן אַ פּאַפּירל אין האַנט און לויט דעם גענגעלע זיינעם האָט מען געזען אַז דאָסמאָל איז ער נישט געקומען מאַכן יאַגד אויף רויכערער, נישט אַרויסטרייבן אין דרויסן אויף קאָנטראָל, מ׳האָט בפירוש געזען אַז ער זוכט אימיצן.

קורנאָסענקי, האָט נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אין פּאַפּירל און אַ פרעג געטאָן:

— די הונדערטפערטע, ווו איז זי?

— דאָ — האָט מען אים געענטפערט. די עסטאָניער האָבן גלייך באַהאַלטן דאָס ציגאַרעטל און גענומען צעטרייבן דעם רויך.

— און ד׳ער בריגאַדיר ווו איז?

— וואָס? — האָט זיך טיורין אָפּגערופן און אַראָפּגעלאָזט די פיס אויפן דיל.

— דער ראַפּאָרט איז שוין אָנגעשריבן, אַוועקגעגעבן ווו מ׳דאַרף?

— מ׳שרייבט שוין — האָט טיורין אַ זיכערער ביי זיך געענטפערט.

— שוין לאַנג געדאַרפט זיין אַוועקגעגעבן!

— ביי מיר אין בריגאַדע זענען בלויז מאַלאַגראַמאַטנע (טיורין איז אַ מאַלאַדיעץ ער וועט נישט שולדיק בלייבן קיין ענטפער, די „מאַלאַגראַ־מאַטנע״ מיינט ער ...צעזאַרן, דעם קאַפּיטאַן) אַחוץ דעם איז נישטאָ קיין פּעד׳ער, נישטאָ קיין טינט.

— דאַרף מען יאָ האָבן.

— מען נעמט ביי אונדז צו!

— בריגאַדיר, האַלט פּאַסאַן, וועסט אַ סך ריידן וועל איך דיך אויך אַוועקזעצן! — האָט קורנאָסענקי נישט ערנסט געדראָט — מאָרגן פרי זאָלן מיר די ראַפּאָרטן זיין אַוועקגעטראָגן אויף דער וואַך! ס׳זאָל דאָרט אויך זיין אָנגעגעבן אַז די נישט־דערלויבטע זאַכן זענען אַוועקגעגעבן געוואָרן אין מאַגאַזין. פאַרשטאַנען?

(„דער קאַפּיטאַן האָט נאָך מזל״ האָט זיך שוכאָוו געטראַכט. אָבער בוינאָווסקי אַליין האָט דערוויל גאָרנישט געהערט — ער איז פאַרטאָן געווען מיטן קאַלבאַס).

— און איצט — האָט קורנאָסענקי ווייטער געצויגן — פאַראַן ביי דיר אַזאַ שטשע־דריי הונדערט עלף?

— מ׳דאַרף אַריינקוקן אין ד׳ער ליסטע (דער בריגאַד׳יר האָט געמיינט אַז ס׳וועט געלונגען אָפּציען די זאַך) וועך קאָן זיי פאַרגעדענקען די אַלע הינטישע נומערן? (טיורין וויל אָפּראַטעווען דעם קאַפּיטאַן כאָטש די היינטיקע נאַכט).

— בוינאָווסקי — פאַראַן דאָ אַזאַ?

— האַ? יאָ! — האָט זיך אָפּגערופן דער קאַפּיטאַן. (וואָס שנעלער עס איז די לויז אַלץ גיכער טרעפט זי אויפן קאָם).

— דו ביסט עס? יאָ, ריכטיק, שטשע דריי הונדערט עלף, נו, קום. געגאַנגען!

— ווו־הין?

— דו ווייסט שוין גוט וווהין.

בוינאָווסקי האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און עפּעס געזאָגט נישט קלאָרעס. עס איז אים גרינגער געווען אין אַ פינצטערער נאַכט, אויף אַ שטורמישן ים, אַרויספירן אַן עסקאַדרע מינען־טרעגער ווי איצט אָפּרייסן זיך פון חברים און אַוועקגיין אין אייז־קאַלטן קאַרצער אַריין.

— ווי־פיל מעת לעת? — האָט ער מיט אַן איינגעבראָכענער שטים געפרעגט.

— צען. נו, געגאַנגען, גיכער!

גלייך האָבן זיך דערהערט די געשרייען פון די דניעוואַלנעס:

— נאַכט־אַפּעל! נאַכט־אַפּעל! אַרויס צום נאַכט־אַפּעל!

דאָס באַדייט אַז דער אויפזעער, וועלכער איז געקומען אַדורכפירן דעם נאַכט־אַפּעל, געפינט זיך שוין אין באַראַק.

דער קאַפּיטאַן האָט געכאַפּט אַ לעצטן בליק אויף זיין נארע — מיטנעמען דעם ברישליק, צי נישט? מען וועט אים דאָרט סיי ווי צונעמען. שוין בעסער אַרויסגיין אין דער בלויזער פופייקע. ער האָט געמיינט, דער קאַפּיטאַן, אַז וואָלקאָוואָי וועט פאַרגעסן (וואָלקאָוואָי פאַרגעסט קיינעם גאָרנישט!) און דעריבער זיך נישט צוגעגרייט צום קאַרצער, אַפילו נישט באַהאַלטן אין ערגעץ אַ ביסעלע מאַכאָרקע. נעמען מיט זיך נישט באַהאַלטענערהייט האָט נישט קיין זין ווייל ביים פילצעוון וועלן זיי דאָס געפינען. דאָך, בעת ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם הוט, האָט צעזאַר אים אַריינגערוקט אין האַנט עטלעכע ציגאַרעטלעך.

— זייט געזונט, ברידערלעך — האָט דער קאַפּיטאַן, אַ ביסל אַ צעמישטער, זיך געזעגנט מיט דער בריגאַדע.

אויף דעם „זייט געזונט” האָבן זיך אָפּגערופן עטלעכע שטימען,

געפּרוּווט צוגעבן אים אַביסל מוט: האַלט זיך! האָב נישט קיין מורא! — וואָס אַנדערש האָט מען אים געקאָנט זאָגן?

די 104־טע קאָן זייער גוט די לאַגער־תּפיסה און דעם קאַרצער, זי האָט אים אַליין געבויט. אַלע ווייסן אַז די ווענט זענען דאָרט שטיינערנע, די פּאָדלאָגע — פון צעמענט. נישטאָ דאָרט קיין שום פענצטערל, דעם אויוון הייצן זיי נאָר אויף אַזויפיל אַז דאָס אייז פון די ווענט זאָל אַראָפּ־רינען און ס׳זאָל שטיין אַ לוזשע. שלאָפן — נאָר אויף די האַרטע ברעטער, אויב וועסט קאָנען, אויב די ציין וועלן זיך נישט טרייסלען פון קעלט. ברויט — דרייהונדערט גראַם אַ טאָג, באַלאַנדאַ — דריי מאָל פאַר דער גאַנצער צייט: אויפן דריטן, זעקסטן און ניינטן טאָג.

צען מעת לעת! אויב מ׳זאָל אויסזיצן ערלעך, פון אָנהייב ביזן סוף, הייסט אויף שטענדיק פאַרלירן דאָס געזונט, אַריינכאַפּן אַ טובערקולאָז.

די וואָס זענען אָפּגעזעסן אין קאַרצער צו פופצן טעג — ליגן שוין לאַנג מיט די פּוּפּקעס אַרויף!

איז דעריבער, כּל זמן ביסט אין באַראַק — לויב גאָט דערפאַר.

— נו, אַרויסגעגאַנגען, איך צייל ביז דריי! — שרייט דער באַראַק־עלטסטער — ווער ס׳וועט נישט אַרויסגיין, פאַרשרייב איך זיין נומער און גיב אַוועק דעם בירגער אויפזעער.

דער באַראַק־עלטסטער — דאָס איז נאָך איין סוואָלאָטש. אין דער אמתן איז ער אַזאַ ווי אַלע לאַגערניקעס, ווערט צוזאַמען, אויף אַ גאַנצע נאַכט פאַרשלאָסן אין באַראַק, אָבער האַלטן האַלט ער זיך פאַר אַ גאַנצן וואַזשנע, האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט. פאַרקערט, אַלע האָבן פאַר אים מורא. איינעם מסר׳ט ער, אַ צווייטן דערלאַנגט ער קלעפּ, ווען ס׳פאַר־גליסט זיך אים. ער גייט אָן פאַר אַן אינוואַליד, כאָטש דעם פינגער האָט ער פאַרלוירן ערגעץ אין אַ געשלעג, האָט אַ מאָרדע פון אַן אורקע, און איז טאַקע אַן אורקע — זיצט פאַר גנבה. מ׳האָט אים סתם צוגעלייגט אַ פּאַראַ־גראַף אַכט־נ־פופציק־פערצן און דערפאַר איז ער אַריינגעפאַלן אין דאָזיקן לאַגער.

פאַרשרייבן, איבערגעגעבן דאָס פּאַפּירל דעם אויפזעער, דאָס איז פאַר אים אַ פּשוטע זאַך. אָבער דערפאַר כאַפּט מען צוויי טעג קאַרצער! אויב

ביז איצט האָבן חברה זיך נישט געמאַכט הערן זיינע געשרייען, איז ווי נאָר ער האָט גענומען דראָען מיט פאַרשרייבן איז אַלץ מיט איין מאָל אַראָפּ פון די גאַרעס און וואָס גיכער צו דער שמאָלער טיר!

שוכאָוו האָט פונקט געהאַלטן אין האַנט דאָס לאַנג־געגאַרטע ציגאַרעטל, נאָר נישטאָ וואָס, ער איז גיך אַראָפּ פון דער נאַרע, אַריין מיט די פיס אין די וואַליקעס און שוין געוואָלט לויפן. אָבער דאָ האָט אים אָנגענומען אַ רחמנות אויף צעזאַרן. ניין, נישט וועגן פאַרדינען ביי צעזאַרן האָט ער איצט געקלערט, ער האָט אים פּשוט מיטגעפילט. צעזאַר האָט פיל איינרע־דעניש, אָבער ווען עס גייט וועגן לעבן האָט ער דערין קיין שום אַנונג נישט. באַקומען דאָס פּעקל האָט ער זיך נישט געדאַרפט צאַצקען דערמיט, נאָר וואָס גיכער אָוועקטראָגן אין מאַגאַזין. אַ נאַש טאָן וואָלט ער אויך געקאָנט שפּעטער — וואָס זאָל ער איצט מאַכן דערמיט? נעמען מיט זיך דעם גאַנצן זאַק צום אַפּעל? ס׳וועט זיין קאָמיש, פינף הונדערט מיילער וועלן לאַכן! איבערלאָזן אין באַראַק? קאָן ער זיך שוין געזעגענען דערמיט, ווער ס׳וועט נאָכן אַפּעל אַריין דער ערשטער, דער וועט כאַפּן. (אין אוסט־איזשמע אין געווען נאָך ערגער: דאָרטן אַז האָסט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט זענען די בלאַטע חברה שטענדיק די ערשטע אַריין אין באַראַק און ביז די איבעריקע זענען אָנגעקומען איז שוין אַלץ געווען אויסגערייניקט פון די שענקעלעך).

געזען ווי צעזאַר האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, ווייסט נישט וואָס פריער און ווי באַהאַלטן, ווי ער וויל כאָטש אָפּראַטעווען דעם ווורשט, די סאַלע, און ווייסט נישט וואָס דערמיט צו טאָן, האָט זיך שוכאָוו אָנגערופן:

— שוין צו שפּעט, צעזאַר מאַרקאָוויטש, דו אַליין באַמי זיך פאַר־שטעקן, ס׳איז גענוג טונקל, בלייב דער לעצטער. ווען דער אויפזעער און די דניעוואַלנעס וועלן זוכן צווישן די נאַרעס ערשט דאַן גיי אַרויס: פּשוט, פילסט זיך שלעכט, נישט געזונט! איך וועל אַרויסלויפן דער ערשטער און באַמיען זיך צוריקקומען דער ערשטער. אָט דאָס איז עס...

מיט אַלע כוחות האָט זיך שוכאָוו געשטופּט פאָרויס אָבער דאָס ציגאַרעטל האָט ער נישט אַוועקגעוואָרפן, געהאַלטן עס פעסט אין פויסט. אין בשותּפותדיקן פאַר ביידע העלפטן באַראַק קאָרידאָר איז קיין געדראַנג

נישט געווען, דאָ האָט מען זיך שוין נישט געשטופּט. אַ כיטרע פאָלק די לאַגערניקעס: צוגעקלעפּט זיך צוביידע ווענט פון קאָרידאָר האָבן זיי געלאָזן פריי אַ שמאָלן דורכגאַנג קוים פאַר איין מענטש און געוואַרט: אויב ס'זענען פאַראַן אידיאָטן וואָס ווילן אַרויסגיין אויפן פראָסט די ערשטע — ביטע זייער, מיר וועלן בלייבן וויפל ס'וועט זיך לאָזן. גענוג אויסגעפרוירן זיך פאַר אַ טאָג, צו וואָס פרירן איבעריקע צען מינוט? נישטאָ קיין נאַראָנים: ווילסט, פּגר דער ערשטער, איך האָב צייט פּגרן מאָרגן!

אַן אַנדערש מאָל באַמת זיך אויך שוכאָוו געפינען אַן אָרט ביי דער וואַנט. יעצט שפּרייזט ער אָבער מיט אַ ברייטן טראָט איבערן מיטן קאָרידאָר און לאַכט פון אַנדערע:

— וואָס, דערשראָקן זיך, אַ סיבירער פראָסט נישט געזען? קומט וואַרעמען זיך ביי דער וואָלפישער זון! העי פעטערל, לאָז אָנרויכערן דאָס ציגאַרעטל!

צוגערויכערט איז ער אַרויס אויפן גאַנעק. „די וואָלפישע זון" — אַזוי פלעגט מען אין שוכאָווס קאַנטן אָנרופן די לבנה.

זייער הויך איז זי שוין אַרויפגעקראָכן, די לבנה, עס פעלט איר נישט קיין סך און זי וועט באַלד זיין אויפן סאַמע מיטן הימל! און דער הימל? ער איז אַ ווייס ווייסער אַזש אַביסל גרינלעך. די שטערן לויכטן העל, נאָר זיי זענען זייער וויייניק. דער שניי פינקלט מיט פּאַרבלענדיקער ווייסקייט. די ווענט פון די באַראַקן זענען אויך ווייס. די לעמפּ באַמערקט מען קוים, קוים.

ביי יענעם באַראַק דאָרט ווערט די מענטשן־מאַסע אַלץ געדיכטער. ביים צווייטן דאָס זעלבע. מען שטעלט זיך אין רייען. דעם חלל צווישן באַראַק און באַראַק פילט אויס דער געסקריפּ פון וואַליקעס איבערן שניי.

מיט אויסגעדרייטע צו דער טיר פּנימער, האָרט ביי די טרעפּלעך, איז געשטאַנען אַ פינפטל. הינטער דעם פינפטל זענען געווען נאָר דריי מאַן. טאָקע צו די דאָזיקע דריי איז צוגעשטאַנען שוכאָוו. מיט אַ שטיקל ברויט אין האַנט און מיט אַ ציגאַרעטל קאָן מען שוין שטיין און וואַרטן, נישט

קיין אומגליק. זי איז גאָרנישט קיין שלעכטע די מאַכאָרקע, זי איז אַ גענוג שטאַרקע, האָט אַ פּיינעם ריח. דער לעט האָט נישט אָפּגענאַרט.

צוביסלעך קומען־צו זעקעס. היינטער שוכאָוון שטייען שוין נאָך דריי פינפטלעך. די וואָס שטייען אין דרויסן זענען איצט בייז אויף די וואָס זענען נאָך געבליבן אין קאָרידאָר. אָט האַדיוקעס, וואָס גייען זיי נישט אַרויס? איבער זיי מוזן מיר דאָ פרירן!

אַ לאַגערניק זעט נישט פאַר די אויגן קיין זייגער. און צוריקגעשמועסט, צו וואָס דאַרף ער אַ זייגער? אַ לאַגערניק דאַרף נאָר וויסן ווען ער האָט אויפצושטיין, ווען מען וועט אים פירן צו אַרבעט, ווען אויף מיטאָג און ווען ס'וועט זיין דער סיגנאַל צום שלאָפן.

מ'זאָגט אַז דער אוונט־אַפּעל קומט פאַר ביין אַזייגער. ער ענדיקט זיך אָבער קיינמאָל נישט פינקטלעך. זיי מוזן אים איבערקייען און דאַן: יעשטשאָ ראַז, נאָך און נאָך אַ מאָל. פאַר צען אַזייגער שלאָפט מען נישט איין. וואָס זיך וווּנדערן אַז דער מאָלדאַוואַנער איז היינט איינגעשלאָפן ביי דער אַרבעט? דאָרט ווו דער לאַגעריק וואַרעמט זיך נאָר אַ ביסל אָן, דאָרט שלאָפט ער גלייך איין. פאַר אַ וואָך קלייבט זיך אָן אַ היפּש ביסל נישט דערשלאָפּענער שלאָף, איז אַז ס'קומט דער זונטיק און נאַטשאַלסטוואָ ווערט נישט משוגע שלאָפן טאַקע גאַנצע באַראַקן.

עס הייבן זיך אָן אַרויסשיטן יענע פון קאָרידאָר. זיי פליען ממש פון די טרעפּ! מען דערלאַנגט זיי דאָרט אין הינטן אַריין, גוט אַזוי אויף זיי, די כלבים!

— וואָס? — שרייען די ערשטע רייען — וואָס, געשעפטן ווילט איר דאָ מאַכן! פון טינוף ווילט איר אַראָפּנעמען סמעטענע? לאַנג שוין געדאַרפט אַרויסגיין, וואָלט געוועז איבערגעציילט און אַ סוף.

דער גאַנצער באַראַק איז איצט אין דרויסן, פירהונדערט מענטשן, דאָס הייסט אַכציק פינפטלעך. אין שפּיץ שטייט מען גענוי צו פינף אין ריי, ווייטער אָבער האָט זיך פאַרקאָכט אַ קאַשע.

— העי, די פון הינטן, אויסשטעלן זיך צו פינף — שרייט פון די טרעפּעלעך דער באַראַק־עלטסטער.

אַז פאַרברענט זאָל עס ווערן, זיי פאַרשטייען נישט די אידיאָטן!

עס איז אַרויס צעזאַר. ער בייגט זיך אין דריי׳ען, מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ קראַנקן. הינטער אים צוויי דניעוואַלנעס פון ערשטן האַלבן באַראַק און צוויי פון אַנדערן און נאָך איין הינקענדיקער. די דניעוואַלנעס מיטן הינקעדיקן שטעלן זיך אין ערשטן פינפטל (שוכאָוו קומט אַזוי אַרום אויס אין דריטן). צעזאַר ווערט אַוועקגעטריבן צום סאַמע סוף.

אויפן גאַנעק איז אַרויס דער אויפזעער.

— צעשטעלן זיך צו פינף! — רייסט ער דעם גאָרגל.

עס העלפט נישט. אָט אידיאָטן!

ווי אַ הינט פון קייט אַזוי האָט ער זיך אַ ריס געטאָן דער באַראַק־עלטסטער. דעם דערלאַנגט אין דער מאַמען אַריין, יענעם איבער דער פּלייצע!

ער שלאָגט אָבער נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ער קוקט פריער גוט ווּעמען. ער איז מכבד נאָר אַ שטילן, אַ שוין דערשלאָגענעם.

עס איז דאָך געוואָרן אָרדענונג. דער באַראַק־עלטסטער האָט זיך אומגעקערט צום אָרט ווו ס׳איז געשטאַנען דער אויפזעער און מיט אים צוזאַמען געגומען קאָמאַנדעווען:

— ערשטע! צווייטע! דריטע!..

וועלכעס פינפטל עס ווערט אויסגערופן דאַרף בעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און מאַכן ויברח אין באַראַק אַריין. אויף היינט וואָלט שוין אַזוי אַרום דער השבון מיט נאַטשאַלסטוואָ געדאַרפט זיין פאַרענדיקט!

ער וואָלט געווען פאַרענדיקט דער חשבון ווען זיי דאַרפן נישט ציילן נאָך אַ מאָל. די פאַרשטאָפּטע קעפּ! פּוסטעפּאַסניקעס. יעדער פּאַסטעך קאָן ציילן בעסער פון זיי. אַ פּאַסטעך, כאָטש אַ נישט גראַמאָטנער, ווייסט דאָך שטענדיק צי ער האָט אַלע קעלבער אין סטאַדע צי נישט. און זיי? אַ גאַנצע כאַפּטע דאָ אָנגעטריבן, אָבער איבערציילן קאָנען זיי נישט.

פאַריקן ווינטער איז אין לאַגער נישט געווען ווו אַ וואַילעק אָדער אַ שוך אויסצוטריקענען. די וואַליקעס זענען אויף ביינאַכט געבליבן אין באַראַק. דעמאָלט האָבן זיי צום נאַכט־אַפּעל געטריבן נישט איין מאָל נאָר פיר מאָל. מ׳האָט זיך שוין נישט אָנגעטאָן צו די אַלע אַפּעלן, נאָר פּשוט איינגעוויקלטע אין קאָלדרעס איז מען אַרויסגעלאָפן אין דרויסן. הייַנטיקס

יאָר זעַנען אויסגעבויט געוואָרן איוונס אויף טרוקענען וואַליקעס. נישט יעדן טאָג קאָן מען טריקענען, נישטאָ קיין אָרט פאַר אַלעמען, אָבער איין מאָל אויף דריי טעג דאָס יאָ. דערפאַר קומט שוין פאָר דאָס צווייטע אָדער דריטע צייַלן אינעם באַראַק: זיי טרייבן פון איין העלפט באַראַק אין צווייטן אַריין.

שוכאָוו האָט נישט באַוויזן אַרייַנלויפן אין באַראַק אַריין פאַר אַלעמען. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַלטן אויג אויפן ערשטן. צוגעלאָפן צו צעזאַרס נאַרע האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, אויף דער גיך אַראָפּגעצויגן די וואַליקעס און אַרויפגעקראָכן מיט זיי אויף איינער פון די וואַגאָנקעס, פון דאָרט זיי אַוועקגעשטעלט אויפן איוון (דאָ איז — ווער דער ערשטער) און גלייך נאָך דעם זיך אומגעקערט צו צעזאַרס געלעגער. ער זיצט אויף דעם געלעגער און קוקט מיט איין אויג ס׳זאָל נישט ווער אָ צי טאָן פונעם צוקאָפּנס, צעזאַרס זאַק. מיט דעם צווייטן אויג ׳היט ער די וואַלעקעס, ס׳זאָל ווער ביים שטורעמען דעם איוון נישט אַראָפּוואַרפן זיי פון דאָרט.

— העי, דו! — ס׳איז אים דאָך אויסגעקומען שרייַען — רויטער קאָפּ, ווילסט מיט אַ וואַלעק אין מאָרדע? דייַנע וואַליקעס שטעל, אָבער פרעמדע ריר נישט!

ווי פון אַ זאַק אַרויס אַזוי פאַלן אין באַראַק אַריין די זעקעס. אין דער 20־טער בריגאַדע ליאַרעמט מען:

— די וואַליקעס!

יעצט וועט מען זיי אַרויסלאָזן מיט די וואַליקעס אָבער דערנאָך וועט דער באַראַק פאַרמאַכט ווערן. זיי וועלן שפּעטער לויפן און בעטן:

— בירגער נאַטשאַלניק! לאָזט צוריק אין באַראַק אַריין!

די אויפזעער וועלן זיך צונויפקומען אינעם שטאַב־באַראַק און וועלן דאָרט פון די ציפערן אויף זייערע ברעטלעך מאַכן דעם רעכענונג, צונויפ־שטעלן די בוכאַלטעריע צי עמיצער איז אַנטלאָפן אָדער נישט, צי דער חשבון שטימט.

שוכאָוו האָט הייַנט דאָס אַלץ אין דער לינקער פּיאַטע. אָט איז צעזאַר צוריקגעקומען.

— אַ דאַנק דיר, איוואַן דעניסיטש!

צוריק אַ ווונק געטאָן איז שוכאָוו גיך ווי אַ וועווועריק אַרויף צו זיך אויף דער נאַרע. יעצט איז וואָס ס׳האַרץ גלוסט: ער קאָן דערעסן די צוויי הונדערט גראַם ברויט, ער קאָן פאַררויכערן נאָך אַ ציגאַרעטל אָדער שלאָפן.

פון דעם גליקלעכן טאָג איז אָבער אַזוי פריילעך אויף דער נשמה אַז דער שלאָף נעמט אים נישט.

מאַכן ס׳געלעגער איז פאַר שוכאָוון כמעט אַ גאָרנישט: ער דאַרף נאָר אַראָפציען פון מאַטראַץ דאָס שטיקל שוואַרצע קאָלדרע (אויף אַ ליילעך איז ער שוין נישט געשלאָפן מסתמא פון איין און פערציקסטן. עס זעט אים אַפילו קאָמיש אויס וואָס ווייבער זענען זיך אַזוי מטריח מיט וואַשן ליילעכער), אַוועקלייגן דעם קאָפּ אויפן קישעלע פון הובל־שפענער, די פיס אַריינרוקן אין דער פופייקע, איבער דער קאָלדרע אַוועקלייגן דעם ברישלוק און: דאַנקען גאָט וואָס ס׳איז אַדורך נאָך אַ טאָג!

אַ לויב דיר גאָט דערפאַר וואָס מ׳קאָן שלאָפן דאָ, אַנשטאָט אין קאַרצער.

שוכאָוו האָט זיך אַוועקגעלייגט מיטן קאָפּ צום פענצטער, אַליאָשקע, זיין שכן פון קעגנאיבער, פאַרקערט — מיטן קאָפּ נענטער צום לעמפל, כדי קאָנען לייענען די עוואַנגעליע.

דאָס לעמפל איז נישט אַזוי ווייט פון זייערע געלעגערס און מ׳קאָן דערביי דרייסט לייענען, אפילו נייען.

— אָט וואָס, איוואַן דעניסאָוויטש, מען זעט ווי די נשמה אייערע בעט זיך לויבן גאָט, פאַרוואָס נישט געבן איר די פרייהייט?

שוכאָוו האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ בייזן בליק. אין זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך. ער האָט טיף אָפּגעזיפצט:

— דאָס איז, אַליאָשקע, דערפאַר ווייל די תפילות, פונקט ווי אונדזער באַקלאָגן זיך, דערגייען נישט דאָרט וווּ מ׳באַדאַרף, און ווען עס קומט שוין יאָ אַן ענטפער לויטעט ער: „אָפּזאָגן!"

פאַרן אַריינגאַנג צום שטאַב־באַראַק הענגען פיר קעסטעלעך אַרומגע־קלעפּט מיט שטעמפּלען. איין מאָל אין חודש ווערן די קעסטעלעך

אויסגעליידיקט. פיל זעקעס וואַרפן דאָרט אַריין זייערע בקשות, באַקלאָגן זיך פאַר דער העכערער מאַכט. אַ געוויסע צייט וואַרטן זיי אָפּ, דערנאָך הייבן זיי אָן רעכענען: נאָך צוויי חדשים, נאָך איין חודש און אָט וועט קומען דער ענטפער...

דער ענטפער אָדער ער קומט נישט, אָדער ער איז אַ קורצער: „אָפּזאָגן!"

— דאָס איז, איוואַן דעניסיטש, דערפאַר ווייל איר גלויבט ווייניק אין גאָט, איר זייט מתפלל אָן כוונה, דערפאַר קאָנען אייערע תפילות נישט דערגיין און דאָס וועגן וואָס איר בעט קאָן נישט מקוים ווערן. אין גאָט מוז מען גלויבן מיט אויסדויער, מיט בטחון. ווען איר וועט האָבן שטאַרקן גלויבן און איר וועט זאָגן צו אַ באַרג — באַוועג זיך! — וועט ער זיך באַוועגן.

שוכאָוו האָט זיך צעלאַכט. ער האָט גענומען פאַרדרייען נאָך אַ קרוטקע און צוגערויכערט ביים עסטאָניער.

— אַליאָשקע, רעד נישט קיין נאַרישקייטן. איך האָב נאָך נישט געזען אַז אַ באַרג זאָל זיך באַוועגן. אמת געזאָגט האָב איך נאָך אין מיין לעבן קיין בערג נישט געזען. אָבער גיב אַ קוק, וואָס איז אַרויס דערפון וואָס אייער גאַנצער באַפּטיסטן־קלוב האָט זיך פאַרזאַמלט אין קאַווקאַז און דאָרט מתפלל געווען צו גאָט, צי האָט כאָטש איין באַרג זיך גערירט פון אָרט?

שוואַכע געפּרוּווטע מענטשן! וואָס האָבן זיי אַזעלכעס געטאָן, געלויבט גאָט, נישט מער, צי האָבן זיי וועמען דערמיט שלעכטס געטאָן? ניין, און דאָך האָבן זיי אַלע ווי איינער אַריינגעכאַפּט צו פינף און צוואַנציק יאָר! פּונקט געטראָפן אויף אַ סעזאָן אַזאַ: יעדן גלייך — צו פינף און צוואַנציק!

— נישט וועגן דעם האָבן מיר געבעטן ביי גאָט — נישט אַרויסלאָזנדיק די עוואַנגעליע פון האַנט האָט זיך אַליאָשקע צוגערוקט נענטער צו שוכאָוון — דאָס איינציקע ערדישע נאָך וואָס מיר האָבן געבעטן ביים אַלמעכטיקן איז דאָס שטיקל ברויט: „כלעב נאַש נאַסושטשני דאַזשד נאַם דניעס" — אונדזער טעגלעך ברויט גיב אונדז היינט!

— דאָס מיינט דעם פּאַיאָק? — האָט שוכאָוו געפרעגט.

אַליאָשקע האָט זיך ניט געלאָזט אַראָפּפירן פון וועג און ווייטער געבליבן ביי זיינס.

— איוואַן דעניסיטש, נישט וועגן דעם דאַרף מען בעטן ביי גאָט אַז עס זאָל ווער צושיקן אַ פּעקל, אָדער עס זאָל אַריינפאַלן אַ דאָפּעלע פּאָרציע באַלאַנדע; וואָס ס'איז וויכטיק פאַרן מענטש קאָן גראָד פאַר גאָט נישט האָבן קיין באַדייט, בעטן דאַרף מען פאַר דאָס אייביקע, פאַר דעם גייסטיקן, פאַר דעם אַז גאָט זאָל אַראָפּנעמען פון אונדזערע הערצער דעם אָנזאָט פון שלעכטס...

— הער, וואָס כ'וועל דיר דערציילן: ביי אונדז אין דער פּאָלאָמענסקער קירך האָט דער פּאָפּ...

— וועגן דעם פּאָפּ אייערן דערצייל מיר נישט, מ'דאַרף נישט — האָט זיך אַליאָשקע געבעטן.

— ניין, דו מוזט עס אויסהערן — שוכאָוו האָט זיך אַ ביסל אונטער־געהויבן און אָנגעשפּאַרט אויפן עלנבויגן — ביי אונדז אין פּאָלאָמנע איז קיינער נישט געווען רייכער פון פּאָפּ. ווען מיר האָבן געדעקט ביי וועמען אַ דאַך פלעגן מיר נעמען פינף און דרייסיק רובל, ביים פּאָפּ — גאַנצע הונדערט! וואָלט ער כאָטש אַ קרעכץ געטאָן דערביי, ניין! פאַר דריי נקבות צאָלט ער אַלימענטן, דער פּאָלאָמענסקער פּאָפּ, די פערטע איז זיין ווייב. אַפילו דער אַרכירעי גייט ביי אים אויפן שטריקל? און פאַר וואָס? פאַר אַ פעטן ביסן! וויפל מ'האָט נישט אַראָפּגעשיקט נאָך פּאָלאָמנע אַנדערע פּאָפּן האָט זיי אונדזערער אַרויסגעביסן, נאָר איינער אַליין וויל ער זיין...

— צו וואָס דערציילסטו מיר וועגן דעם פּאָפּ אייערן? די פּראַוואָ־סלאַווונע קירך איז דאָך אַוועק פון דער עוואַנגעליע. זיי זעצט מען נישט אין די טורמעס אַזוי ווי אונדז, זייער גלויבן איז אויך נישט אַזאַ פעסטער ווי אונדזערער.

פאַרציענדיק טיף דעם רויך פון ציגאַרל האָט שוכאָוו אַ רויקער אָנגעקוקט דעם צעהיצטן אַליאָשקע.

— איך בין נישט קעגן גאָט, פאַרשטיי מיך, איך גלויב אין גאָט אָבער נישט אין דעם אַז ס'איז פאַראַן אַ גיהנום און אַ גן־עדן. עס

געפעלט מיר נישט וואָס מען זאָגט אונדז צו דעם גיהנום אָדער גן־עדן. אָט וואָס עס געפעלט מיר נישט.

שוכאָוו האָט זיך צוריק אָנגעקוועטשט אויף דער פּליי־צע. דאָס אַש פון ציגאַרעטל האָט ער אָפּגעטרייסלט פאָרזיכטיק, ס׳זאָל נישט פאַלן אויף בוינאָווסקיס זאַכן און נישט דורכברענען זיי. ער האָט זיך פאַרטראַכט, נישט געהערט וואָס אַליאָשע רעדט ווי צו זיך.

— זאָג וואָס דו ווילסט — האָט שוכאָוו נאָך אַ ווײַלע טראַכטן ווײַטער געצויגן — אָבער מיט תפילות צו גאָט וועסטו די צײַט פון זיצן נישט פאַרקירצן, וועסט דאָ אָפּזיצן פון ערשטן קלונג פון לאַגער־גלאָק ביזן לעצטן.

— וועגן דעם דאַרף מען נישט בעטן — האָט אַליאָשע אַן אויפגע־בראַכטער אָפּגעענטפערט — וואָס וועסטו דו האָבן פון דער פרײַ? אויף דער פרײַ וועלן דערנער דערשטיקן דאָס לעצטע ביסל גלויבן וואָס דו האָסט. זײַ צופרידן וואָס דו ביסט אין טורמע! דאָ האָסטו כאָטש צײַט אַ קלער צו טאָן וועגן דער נשמה! אָט וואָס עס האָט געזאָגט דער אַפּאָסטאָל פּאַוועל: „צו וואָס ווײַנט איר און ברעכט מײַן האַרץ? איך בין גרייט נישט בלויז לאָזן זיך בינדן, איך בין אַפילו גרייט שטאַרבן פאַר יעזוס אונדזער האַר!״

שוכאָוו האָט שווײַגנדיק געקוקט אויפן סופיט. ער האָט שוין באמת נישט געוווּסט צי ער וויל אויף דער פרײַ צי נישט. אין אָנהייב האָט ער נאָך יאָ געוואָלט, יעדן אָוונט געציילט וויפל טעג עס זענען שוין אַדורך און וויפל ס׳איז נאָך געבליבן צו זיצן. שפּעטער איז דאָס ציילן אים נמאס געוואָרן, עס איז אים קלאָר געוואָרן אַז אַזעלכע ווי ער ווען מען לאָזט זיי אַרויס פון לאַגער, ווערן זיי פאַרשיקט. ווי וועט זײַן בעסער דאָ, אָדער דאָרט אויף פאַרשיקונג איז שווער צו וויסן.

יאָ, ער וואָלט געגרן אַרויס אויף דער פרײַ ווען ער זאָל קאָנען אַהיים. נײַן, אַהיים וועלן זיי נישט לאָזן...

פון אַליאָשקעס אויגן זעט מען אַז ער זאָגט אמת, אַז ער וויל בעסער בלײַבן אין לאַגער איידער אַרויס אויף דער פרײַ.

— זעסט אַליאָשקע — האָט שוכאָוו פאַרטײַטשט — בײַ דיר איז כאָטש

פאַראַן אַ שטיקל טאָלק; קריסטוס האָט דיר געהייסן גיין אין טורמע און פאַר א י ם זיצסטו, אָבער איך, פאַרוואָס זיץ איך? דערפאַר וואָס אין איין און פערציקסטן זענען זיי נישט געווען צוגעגרייט צו דער מלחמה, דערפאַר? וואָס בין איך דערין שולדיק?

מ׳זעט עפּעס נישט דעם צווייטן אַפּעל... — האָט קילגאַס געבור־טשעט.

—י אָ, — האָט זיך שוכאָוו אָנגערופן — מ׳דאַרף עס פאַרשרייבן מיט שוואַרצן קרייד אויף אַ ווייסן קוימען, נישטאָ דער צווייטער אַפּעל — און אַ גענעץ געטאָן: מ׳עט דאַרפן איינשלאָפן.

אין דער דאָזיקער רגע האָבן אין איינגעשטילטן, רויִקן באַראַק זיך דערהערט קלעפּ אין טיר. פון קאָרידאָר זענען אַריינגעלאָפן צוויי זעקעס (זיי האָבן געהאַט געטראָגן די וואָיליקעס צום טרוקענען) און גענומען שרייען:

— דער צווייטער אַפּעל!

גלייך נאָך זיי איז אַריין דער אויפזעער:

— אַרויס, אויף יענער זייט באַראַק!

מער ווי איינער איז שוין געשלאָפן! האָט מען געבורטשעט אָבער פון די געלעגערס אַראָפּגעקראָכן און גענומען שטופּן די פיס אין די וואָיליקעס אַריין (די וואַטענע הויזן נעמט קיינער אויף ביינאַכט נישט אַראָפּ — אָן זיי קאָן מען פאַרשטאַרט ווערן הינטער דעם שטיקל קאָלדרע).

— טפו, אַז ברענען זאָלט איר! — האָט שוכאָוו אַ שפּיי געטאָן. ספּעציעל בייז איז ער אָבער נישט געווען, ער האָט נאָך נישט באַוויזן איינשלאָפן.

צעזאַר האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַרויפדערלאַנגט אים צוויי קיכלעך, צוויי שטיקלעך צוקער און אַ שטיקל וווּרשט.

— אַ דאַנק, צעזאַר מאַרקאָוויטש — האָט זיך שוכאָוו אַראָפּגעבויגן צום דורכגאַנג — גיט אַהער דאָס זעקעלע אייערס, מירן עס דאָ אַוועק־לייגן, אין דער הויך וועט זיין זיכערער. (פון דער אויבערשטער נאַרע קאָן מען אַזוי גרינג נישט אַראָפּציען, אַחוץ דעם, ווער מען וועט איינפאַלן גיין זוכן ביי שוכאָוון?)

צעזאַר האָט פֿאַרבונדן דאָס ווייסע זעקעלע מיט די גוטסקייטן און עס אַרויפֿדערלאַנגט און עס גיך אַרונטערגערוקט אונטערן מאַטראַץ און נאָך אַביסל געוואַרט ביז אַנדערע וועלן אַרויסגיין. עס ווילט זיך אויך נישט לאַנג שטיין אַ באָרוועסער אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע פֿון קאָרידאָר.

דער אויפֿזעער האָט גענומען שטשירן מיט די ציין:

— העי, איר דאָרט אין ווינקל!

שוכאָוו איז פֿלינק און ווייך אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער נאַרע. די וואַליקעס און די אָנוצעס זענען אַזוי גוט איינגעאָרדנט געווען אויפֿן אויוון אַז ס׳איז אַ שאָד זיי רירן פֿון אָרט. אַזויפֿיל שטעק־שיך ווי ער האָט שוין אויפֿגענייט דאָ אין לאַגער און אַלץ פֿאַר יענעם — פֿאַר זיך קיין איין פֿאָר נישט געלאָזן.

גיין באָרוועס איז נישט אַזוי שרעקלעך, ער איז געוווינט. אַחוץ דעם וועט עס דאָך לאַנג נישט דויערן.

שטעק־שיך אויב זיי געפֿינען ביי דיר בייטאָג זענען זיי פֿאַרפֿאַלן.

די בריגאַדעס וואָס האָבן היינט אָפּגעגעבן די וואַליקעס צום טריקענען זענען אין שטעק־שיך, אין אַרומגעבונדענע אָנוצעס, אָדער גאָר באָרוועס.

— נו, אַ סוף זאָל עס נעמען! — שרייט דער אויפֿזעער.

— איר ווילט כאַפּן קלעפּ, נבלות?! — לאָזט זיך אויך הערן דער באַראַק־עלטסטער.

די צווייטע העלפֿט באַראַק איז שוין פֿול אָנגעשטאָפּט, טייל מוזן בלייבן אויפֿן קאָרידאָר, אויך שוכאָוו איז דאָרט. ער שטייט נעבן דער וואַנט פֿון דער פּאַראַשנע. אונטער די פֿיס איז נאַס, פֿון דער פּאָדלאָגע ציט אַ ביטערע קעלט.

אַרויסגעטריבן אַלע, זענען דער אויפֿזעער מיטן באַראַק־עלטסטן נאָכאַמאָל אַריין אין באַראַק, זען צי ס׳האָט זיך ווער נישט באַהאַלטן, נישט פֿאַרשטעקט ערגעץ אין דער פֿינצטער און שלאָפֿט? אַז ס׳וועט פֿעלן צום חשבון איז ביטער, אַז ס׳וועט זיין צופֿיל איז אויך נישט בעסער, מ׳וועט מוזן נאָכאַמאָל און ווידער ציילן. ווען זיי האָבן שוין גוט דורכגענישטערט דעם באַראַק זענען זיי צוריקגעקומען צו דער טיר.

— ערשטער, צווייטער, דריטער... איצט ציילן זיי נישט צו פֿינף נאָר

צו איינעם און לאָזן צוריק אַריין אויך צו איינעם. שוכאָוו האָט זיך דורכ־געשטופּט דער אַכצנטער, און גיך געלאָפן צו זיין וואַגאָנקע. מיט איין שפּרונג איז ער צוריק געווען אויף זיין געלעגער.

איי, ווי גוט: די פיס צוריק אין די אַרבל פון דער פופייקע, איצט די קאָלדרע, דעם ברישליק און — געגומען שלאָפן!

די צווייטע העלפט באַראַק וועט איצט אריינגעטריבן ווערן אָהער אָבער שוכאָוון אַרט עס פונקט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

עס איז געקומען צעזאַר, שוכאָוו האָט אים אָפּגעגעבן דאָס זעקל מיט דער פּאָסילקע.

עס איז אויך געקומען אַליאָשקע, דער שלימזל — יעדן קאָן ער העלפן, פאַר יעדן האָט ער אַן עצה, אָבער נישט פאַר זיך.

— נאָ, אַליאָשקע! — שוכאָוו איז אים מכבד מיט אַ קיכל.

אַליאָשקע האָט זיך געקוויקט פון נחת.

— אַ דאַנק, איר אַליין האָט דאָך נישט.

— עס אַליאָשקע! פרעג נישט!

מיר האָבן טאַקע נישט, אָבער מיר קאָנען זיך שטענדיק אַן עצה געבן.

און איצט — דאָס שטיקעלע וווּרשט אין מויל אַריין! מיט די ציין עס! מיט די ציין! אַ־אַ־אַ, עס שמעקט מיט אמתדיק פלייש, אַ־אַ־אַ, ווי זאַפטיק... און נישטאָ שוין דער ווורשט, שוין אַראָפּ אין בויך!

די איבעריקע גוטע זאַכן, האָט זיך שוכאָוו געטראַכט, דאַרף מען באַהאַלטן אויף מאָרגן אין דער פרי.

אָנגעצויגן איבערן קאָפּ די דינענקע, נישט געוואַשענע קאָלדרע, האָט ער זיך צוגעהערט ווי צווישן די וואַגאָנקעס שטופּן זיך זעקעס פון יענער העלפט באַראַק. זיי וואַרטן אויפן אַפּעל.

דער טאָג איז אַדורך אַ נישט פאַרשטערטער, כמעט אַ גליקלעכער.

שוכאָוו איז איינגעשלאָפן אין גאַנצן אַ צופרידענער. עס האָט אים היינט אָפּגעגליקט: ער האָט אויסגעמיטן דעם קאַרצער, די בריגאַדע זייערע האָט נישט געאַרבעט אין סאָצגאָראָדאָק, בעת מיטאָג איז אים געלונגען אַריינ־כאַפּן אַ צוגאָב־פּאָרציע קאַשע, דער בריגאַדיר האָט גוט דערליידיקט די

פּראָצענטאָווקע, עס האָט זיך אים זייער גוט געמויערט, נישט אַריינגעפאַלן ביים דורכטראָגן דאָס שטיקל שטאָל־בלעך, ער האָט איינגעקויפט אַ ביסל מאַכאָרקע און צום סוף, שוין אויף דער נאַכט, נאָך פאַרדינט עפּעס ביי צעזאַרן. יאָ, ער האָט נאָך באַוויזן גובר זיין די קרענק, נישט אַוועקגעלייגט זיך.

אַזעלכע טעג, פון פרי פאַרטאָג, ביז שפּעט אָוונט זענען אין זיין פּסק־דין געווען דריי טויזנט זעקס הונדערט דריי און פופציק.

דריי טעג זענען צוגעקומען צוליב די עיבור־יאָרן...